## פ אַ ר ל י ד

דו מאָרגנקינד, פאַרוועבט אין צייט און רוים,
אין אָפּשיין פון מזבח־ליכט באַפּאָרבן —
וואָלסט ניט באַלעבט די שטערן מיט דיין טרוים,
ווען אונדזער דור וואָלט ניט געווען דער קרבן
פאַר אַל דיין לעבעדיקער פרייד אין טעג
פאַרהוילענע ווי ניט־דערגרייכטע שטראַלן.
אויס מענטשן־אויגן מיניעט זיך אַ שטעג
אַרויף־אַרויף דורך זוניקע קריסטאַלן,
און זעט מיט אַפּלען, זעאיקער פון טויט,
דיין יעדער טואונג איינגעקריצט אין דויער,
גאולה־וואונדער וואָס דיין ווילן בויט
פון וועלטן־ווײי און רעגנבויגנס טרויער.

נאָר אויפֿן זעלבן שטעג אָן מורא שפּרייז
אַראָפּ־אַראָפּ, אין נעכטנס טיפֿע שלונדן.
אַנטפּלעקעריש צעוויקל איך, באַווייז
געשטאַלטן היינטיקע, וואָס ניט פֿאַרשוואונדן
אין דער געדעכעניש פֿון צייט. מיין קינד,
עס טיילט אונדז אָפּ אַ שטח וואָס פֿאַראייניקט.
איך לעב אויך דענצמאָל ווען דו זאָגסט אַ צ י נ ד,
ווייל קיינער האָט מיין לעבן ניט פֿאַרקלייניקט.
איך לעב! מיר איז באַשערט געווען צו זיין
אַ גרויזיק־שטילער לאָקערדיקער עדות
פֿון פּיין, וואָס מוז פֿאַרוואַנדלען זיך אין שיין.
פֿאַרנעמסטו דורך אַ וואָלקן ווען איך רייד עס?
דו מאָרגנקינד! קום נענטער און איך וועל
פֿון ווערטער־פֿאַרבן מאָלן דיר אַ ווינקל
פֿאַרנאָגלט אין דער וואָר. און זאָל ס׳געמעל
אין דיינע חושים געבן אַ צעפּינקל,
אַנטפּלעקן די נשמה, ווי אַ קוואַל
אַנטפּלעקט דעם אוראַלט ריזלענדיק דורך היילן.
אָ, ווערטער, שאָטנס פֿון מיין בלוט און גאַל,
איך קלאַמער זיך אָן אייך און פּרוּוו דערציילן:

# אַ פאָלק זאַלבעצענט

געדענקסטו די האַרבסטזון, וואָס האָט אירע שפּינען
געשיקט צו פאַרוועבן די הייזער מיט שריפות?
געדענקסטו די מענטשן אין יענעם באַגינען,
צעשוויבערט ווי ניט קיין דערקוילעטע עופות?
אין טיגל פון יידפאַרגאַנג האָט זיך געשמאָלצן
אַ זילבערנער לייכטער, אַ קוימען, אַ רינג,
צעשפּליטערטע שויבן, פאַרסאַזשעטע האָלצן,
דער שולהויף, די בוינע, דער צאָרן, די שׂנאה,
די ביקס אויפן טורעם, דאָס קינד אינעם וויגל,
און אַלע געשטאַלטן דערטרונקען אין שפּיגל.

דעם טיגלס אַ שמעלצונג מיין גוף איז געלעגן
פאַרשאָטן, ביז נאַכט איז געקומען צוקאָפּנס.
צי ווייל איבער מיר האָט געצײַנדלט אַ רעגן,
פאַרשלאָסן די בליצן אין גלאָזיקע טראָפּנס?
צי ווייל ס'האָט אַ חלום באַפוילן מיין ראיה
אַדורכשניידן שיכטן, באַזינען די וואָרקייט?
עס האָבן די גלידער געעפנט אַ וויע
צו זען אין די ליידן אַ בלענדיקע קלאָרקייט.
מיט גלאָז אין טשופּרינע ווי גליוועריס קאַלטע
האָב איך זיך געשאַרט דורך די געסקעס די אַלטע.

צווייפּיסיקע קללה, ווער האָט דיך געבעטן
זיך ליסטיק פאַרשטעלן אין געטלעכן שפּליטער?
אין מיטן דעם פרעגן — אַ שפּאַנען, אַ טרעטן,
ווי טרוקענער בלעטער־געשאָרך אין געוויטער.
אַ פרוי שטעלט זיך אָפּ, האָט דערווישט מיך אין קלעם דאָ
און לעבעדיקס טוליעט די פרוי אויפן אָרעם.
זי שטרעקט מיר דעם צווייטן: איך בין ניט קיין פרעמדע,
ווי דו אַזוי רייך און ווי דו אַזוי אָרעם.
פאַרמאָגסטו קיין אַנדערן, בעסערן וועג ניט —
אַהער, קום אַריין אין געהיימשטאָט און פרעג ניט.

וואָס קען איך פאַרלירן? אין בראַנד אַ צענעצטער,
פאַוואָליע געהיפערט אין ליימיקן שווייגן.
וואָס קען דען פאַרלירן אַ לעצטער, אַ לעצטער
אויף געסלעך צעשטעלטע ווי גליאיקע שטייגן?
די לופט האָט געבליצט נאָך פאַרשטאָכן מיט פונקען,
צעדריוולט פון קוילן, פון פיינען אַ זאַטע.
די פרוי, שוין אַ זקנה, פאָרוים האָט געהונקען,
פאַרהויבן פון ברוק אַ פאַרזשאַווערטע גראַטע
און מער איז די זונשיין אויף אונדז ניט געפאַלן,
מיר זענען אַראָפ אין דעם תהום פון קאַנאַלן.

צי האָסטו געקענט דען אַ מאָל זיך פאַרקלערן
אַז דאָ, וואו עס בליופעט דאָס ברודיקע וואַסער,
דער איינציקער אונדז מקום־מקלט זאָל ווערן?
דו וואָלסט יענעם העלזעער אָנרופן שפאַסער.
אַצינד, מיט דער נאַרישער הויט אויף די לענדן,
איך שווים אין געשטאַנק, דורך אַ קלעפיקן פינצטער
אין מויזלאָך־געוועלבן. צו וועמען זיך ווענדן?
אַוואו איז אַן אָפרו, אַ שטערן אַ מינדסטער?
ביים שטיין־בלייבן בוואַליעט דאָס וואַסער אַריבער
און כיבעט אויף מייזישן לשון: מיין ליבער.

זכרון געדענקט ניט ווי לאַנג כ׳בין געשוואומען
דורך כלערליי רערן אי ברייטער, אי שמעלער,
אַ שעה צי אַ יאָר? נאָר מיר זענען געקומען
צו עפּעס אַן אָפּגעשיידט אָרט ווי אַ קעלער.
געווען איז עס דאָרטן אַן אַלטער קאַנאַל, וואו
עס קייטלט זיך מער ניט קיין וואַסער שוין יאָרן.
ס׳באַטויבן גאָר שטימען די דעמפּיקע שלווה
און וואָלקנגראָ נעמען געשטאַלטן זיך קלאָרן
ווי שאָטנס אַהינטער אַ נעפּל פאַרבאָרגן.
און זי, מיין געברענגעריון, גריסט זיי: גוטמאָרגן!

שוואַרצאַפּל־געשטאַלטן באַשנאַפּן, באַשמעקן
דאָס לייב מיינס ווי חיות אַן אָקערשט־געבוירנס
און פינגער — באַוועגונגען גראָע, זיי שטרעקן,
ווייל איטלעכער נישטערט אין מיר זיין פאַרלוירנס.
— עס לעבן נאָך יידן? קומט דין אַ געוויכל:
ניט שוין זשע געבליבן בלויז צען? (און דאָרט אויבן,
געזען דורך אַ גראַטע, אויף פּיצעלע הימל,
עס האָבן אַרומגעלופט זוניקע טויבן.)
— פון צען — האָט אַן אָטעם געגרייזלט זיך בלוילעך —
וועט ווערן אַ פאָלק, אויף להכעים דעם מולך.

דאָס פּאַסיקל טאָגליכט, וואָס פּאַלט דורך אַ גראַטע,
אַנטרינט ווי אַ גנב אין תהום פון די רערן.
ביי איינעם אַ שאָטן באַמערק איך אַ לאַטע,
ביים צווייטן — די תפילין צעבליט אויפן שטערן.
דערווייל אין דער טונקלעניש גיט אויך אַ בליאַסקל
אַ קינדער־געוויין אונטער קליידער און טיכער
און הינטער דעם ניגון, דעם טרעריקן בת־קול —
אַ קינד! — נאָר בעת־מעשה איז קיינער ניט זיכער.
פאַרטייטשט מיין געברענגעריין: כ׳האָב פון אַ ברונעם
דערהערט אַ געצאַפּל, דעם נפש געפונען.

דאָס קינד האָט געכליפּעט. אַוועק איז דער עכאָ
געפינען אַ תיקון אין אַנדערע וועלטן.
— מה טובו — האָט עמעץ געברומט — אוהליך.
ווי וואויל עס איז, יעקב, אין דיינע געצעלטן!
און ס׳האָט זיך ניט קיינער דערלויבט אין די רגעס
צו משפטן, וואָס מיטן קינד וועט געשען דאָ.
אַ האַנט איז געשוואומען פון קאָסמישע ברעגעס,
פאַרוואַנדלט די מענטשן אין לויטער לעגענדע.
אַזוי האָט די וואָר אונטער דר׳ערד מיך באַגעגנט,
ווען כ׳האָב מיט געקווילעטער שטאָט זיך געזעגנט.

מיר זענען געווען זאַלבעצענט אונטערערדיק,
נאָר איטלעכער שאָטן — געחלומט באַזונדער.
די פינצטערניש האָט מיך אַ שניט געטאָן שווערדיק
מיט קופּערנעם אוראַלט, מיט פינצטערן וואונדער.
און ביסלעכווייז האָב איך אין איטלעכן שאָטן
דערשמעקט זיך אַליין — יענעם חלק, וואָס פעלט מיר.
פאַרזוכט זיין מחשבה, אין אים זיך פאַרקנאָטן,
האָט ניט אַזוי סומנע געיאָמערט מיין וועלט מיר,
און האָב איך געבענקט נאָכן סיריוס און וועגאַ —
איז האָט זיי מיין בענקשאפט געבראַכט אין אַ רגע.

און ווי דער שוואַרצאַפּל, וואָס האָט בהדרגה
צום חושך זיך צוגעוואוינט, פּלינק אים פאַרוואַנדלט
אין ליכט, וואָס באַפּענצטערט די שוואַרצע בערלאָגע,
וואו אָפּשיין פון טויזנטער וואַסערלעך וואַנדלט —
אַזוי האָט אַן אַנדער מין כוח, אומענדיק,
מיט עקל־געשטאַנק זיך געראַנגלט, געוואָרגן,
צום סוף מיט געוואַלד אים פאַרביטן אויף שטענדיק
אויף ריח פון היישניט אין פרישן פרימאָרגן,
אויף ריח פון פרייטיקצונאַכטסן, פון זעמל,
וואָס איטלעכער האָט נאָך געשפּירט אין זיין דרעמל.

די רערן, קאַנאַלן, זיי זענען פאַרשיידן,
געגליכן צו אומוועגן, שליאַכן און שטעגלעך,
מיר וועלן דערפון מיט אַ סדר נאָך ריידן.
געוויינטלעך איז נידעריק ס'וואַסער, אַז מעגלעך
„שפּאַצירן". בלויז רעגנצייט הייבט זיך עס העכער
מיט פייפעניש ווי מכשפה־געזאַנגען,
און גיסט זיך אַריבער דורך זייטיקע לעכער
אין „שטורעם־קאַנאַל", אין דעם גאָרגלדיק־לאַנגן,
צעליאַרעמט פון אונטער דער הויפּט־גאַס דער ברייטסטער.
גאַלאָפּ ווי אַ סטאַדע מיט בופלאָקסן פליצט ער

און שטאָציק ער דונערט אַראָפּ אין אַ צווייטן,
וואָס יאָגט אין ווילדע אַריין. און אַחוץ אים
פֿאַרשיידענע אָפּצווייגן־רערן באַגלייטן
פֿון אונטער די שמעלערע געסלעך, וואָס פּלוצים,
ביים רעגנגאַנג ברענגען זיי אויך אַ צושטייער.
דערביי פּלייצט אַריין פֿון די זייטיקע הייפֿן
אַן אייביקער שמוץ ווי גיהנומדיק פֿייער,
דערלאַנגט מיט אַ האַמער אַ זעץ אין די שלייפֿן.
ביינאַכט גייט אַ קלענערער שטראָם, קוים צו הערן,
ווי אָרגלען צעריסענע בורבלען די רערן.

אַצינד, אַז דו זעסט שוין אַן ערך די קאַנווע
באַלעבט מיט קאַנאַלן, — איז לאָמיר פֿאַמעלעך
זיך געבן אין קרעטשמע צו אונדז אַ פֿאַרגנבע,
באַווייזן דיר איטלעכן ווינקעלע וועל איך.
אַזאַ איז דער אונטערערד־וואָגל: דורך טראָקער,
אַריבער זאַוואַלנע, דערנאָך פּאָהוליאַנקע,
און לינקס — צו דער ווינגרי, אַוואו ס'איז דער מקור
פֿון וואַנען עס ציען זיך קוועלכעלעך בלאַנקע,
באַקענט מיטן נאָמען „די ווינגרישע קוואַלן".
פֿון היגלען דערבייאיקע טראָפּלען זיי, פֿאַלן.

אין רער וואו די ווינגרישע קוואַלן פֿאַרזאַמלען
זיך אַלע צוזאַמען און ציען זיך שפּעטער,
פֿאַרצווייגט אונטער דר'ערד, מיט אַ סטרוניקן שטאַמלען, —
אָט דאָרטן אין רער פֿון אַ דרייפֿערטל מעטער
ביים קרייצוועג — איז אויסגעהאַקט ווי אַ לבנה
אַ לאָך אין טשוגונעם באַלקן. דורך דאַנען
אַריינקריכן קענסטו אָן מינדסטער סכנה
אין ערדענעם אויסגראָב און אויסגעגלייכט שפּאַנען.
דאָס איז אונדזער אייגן געבויטע מאַלינע,
מיר „פֿרייען" זיך דאָ אונטער פֿליגל פֿון שכינה.

ווער זענען דאָס אָבער די „מיר", וואָס באַוואוינען
די וואַסער־פּאַלאַצן, איז ווילסטו דאָך וויסן?
כ'וועל מאָלן באַשיידלעך די אַלע פֿאַרשווינען.
דערציילן דעם אמת מיט ריינעם געוויסן:
תש"ג, חודש אלול, כ"ג. ניטאָ מער
אין ווילנע קיין ייִדן. די לעצטע טראַנספּאָרטן
אַוועק, ניט צו קומען, אין האַרבסטיקן יאָמער.
איז גדליה דער לערער געשפּרונגען פֿון דאָרטן,
אַ ווינקל געזוכט און אַהערצו גענידערט.
געניִדערט — און מיטן געשטאַנק זיך פֿאַרברידערט.

אויף מאָרגן — געפֿונען דאָ איינעם אַ פּאָליע
באַנאַנד מיט זיין מאַמען, דער פֿאַכטערקע אסתּר,
פֿאַרפֿלאָכטן בשותּפֿות מיטביידן זיין דאָליע.
די מאַמע, געניט אין די פֿינצטערע נעסטער,
פֿלעגט קריכן פֿון זומפּיקער נאַכט אויף דער פֿריי דאָרט
און זאַמלען אין חורבות, אין ליידיקע שטיבלעך
צעטראָטענע בולבע וואָס הפֿקר צעשליידערט
און שמוציקע אַרבעס. ווי גינעריש ליבלעך
זי פֿלעגט עס דערנאָך אירע מיטמענטשן טיילן!
ס׳וועט אויסקומען פֿיל וועגן איר צו דערציילן.

דערווייל האָט זיך אויבעט געוויזן אַראָנע,
אַ פּליט פֿון האַמבורג, וואָס רעדט נישט קיין יידיש,
באַטראַכט אונדזער לשון פֿאַר גרעסטער סכּנה,
און צערטלט אין וואַטע זיין גורל יחידיש.
און איינמאָל — דאָס וואַסער גיט ראַשיק אַ וויקל
(אַ סימן אַז אויבן אין שטאָט איז אַ רעגן),
ווי אויף אַ צעשווינדלטן מין מאָטאָציקל
פֿון כוואַליעס, דערטראָגט אַ פֿאַרשוין זיך אַנטקעגן.
אַ שפּרונג פֿונעם זאָטל אַ היציקער זאָגט ער:
— איר קענט מיך נישט, יידן? בין ליפּמאַן דער דאָקטער!

דערנאָך האָט מען אויך אין אַווינקל אַ שטילן,
וואו בלויז פון לבנה־מייז טראָגט זיך אַ פּליעסקען,
געפונען אַ מענטשן געוויקלט אין תּפילין
מיט אויסדרוק אַזאַ מין, וואָס מערניט אַ מת קען.
די קאָלטנס פאַרזאָטן מיט קאַלך. אָנשטאָט בגדים —
אין פאַרמעט דאָס לייב. ס'איז דער פּרוש רב נתן.
מסתּם האָט אַ מלאך געוויזן דעם סוד אים
וואו ערגעץ אין דר'ערד זענען יידן פאַרשלאָסן.
די אותיות פון פאַרמעט — זיי טראָגט ער אין דרויסן,
כאָטש קיינער דערטראַכט זיך ניט וואָס ער איז אויסן.

דערווייל האָט אויך אסתּר, וואָס גייט אויף „געיעגן",
געבראַכט פון דער הייך ווי אַ שטראַלכל פון גורל
אַ מיידל, געיאָגט אויף די הפקרע וועגן.
איר נאָמען איז דבורל. די זעלביקע דבורל
האָט שפּעטער־צו אונטער אַ גראַטע געפונען
אַ בלינדן. דערנאָך איז געקומען אויך איינע
אַ טראַגיקע פרוי, וואָס פון קבר אַנטרונען
מיט שניי־ווייסע האָר. מיר'ן רופן זי קריינע
און וויטער מיט איר זיך באַקענען פיל נענטער.
און איך בין דער צענטער געוועזן, דער צענטער.

די שטאָט איז פֿאַרזונקען. די וועלט — פֿאַרקאַפּויערט.
געבליבן אַ צענדליק פֿאַרגראָבענע טיפֿן,
וואו בלויז אַ פֿאַרשימלטער אַשמדאַי לויערט.
נאָר האָפֿענונג האָט זיך באַוועגט פֿאַר די ליפּן
ווי ניט קיין געזעענע רויז... און כּסדר
געמאַניעט, געלאָקט מיטן סוד פֿון קאָלירן,
געעפֿנט אַ מאָרגן אין מאָרגן. נאָר איידער
מע האָט זי געפּרוּווט מיט די פֿינגער באַרירן —
ניטאָ מער די רויז, ערגעץ פֿינקלט דערווייטערט,
אַהינטערן טויט, ווי אַ שטערן, און — לייטערט.

# דאָס הויז אויף דער ווינגרי

דאָס הויז אויף דער ווינגרי איז פּאָליעס אידייע,
דעם האַרטן טשוגון האָט זיין קאָפּ דורכגעבראָכן.
בטבע אַ שווייגער. דאָך האָט ער די דעה
אויף אַלעמענס טואונג. ווייל איטלעכער שכן
פאַרטרויט זיך דעם פּאָליען, וואָס מאַכט ניט קיין חילוק
פון דעם ביזל יענעם. נאָר מערער ווי אַלע
אָן אויפהער ער אַרבעט, באַגייסטערט און וויליק.
איז מאַלע וואָס ער איז אַ יינגערער — מאַלע!
אַ פּאָלק זאַלבעצענט! און עס קענען מיליאָנען
זיין שטויב, און קיין כוח ניט האָבן צו מאָנען...

אַ פאָלק זאַלבעצענט! און מיט איינזען און כבוד
האָט פאָליע אַ פונקציע פאַרטיילט יעדער איינעם,
צו אויספילן פינקטלעך ביז קומען די שעה וועט
פון אויסלייז פאַר אַלע קאַנאַלענע שכנים.
— דו גדליה, דער לערער, וועסט שרייבן די כראָניק
לזכר די קומיקע דורות, טאָגטעגלעך.
דו ליפמאַן, אַ דאָקטער, מע זאָגט פון לאַנגאָניק,
דו וועסט אונדז פון מחלות פאַרהיטן ווי מעגלעך.
זיין וואַך עס זאָל יעדער זיך באָדן און קאַמען,
זיין וואַך, אַז דאָס טרינקוואַסער זאָל ניט פאַרסמען.

און דו, וואָס דו קלייבסט זיך צו ווערן אַ מאַמע —
האָט פאָליע בשתיקה געמורמלט צו קריינען,
וועסט האָדעווען טאַקע דאָס קינד וואָס מיין מאַמע
געבראַכט האָט אַנוסטן. דו וועסט זיך געוויינען,
וועט שפעטער זיין גרינגער. דער דאָקטער וועט גריילעך
דיר העלפן. היינט־מאָרגן באַקומסטו א וויגל,
אַ פרימוס, אַ לעמפעלע אייל און אַ ליילעך,
און מילך וועל איך ברענגען אַ פולינקן קריגל.
געזאָגט איז געזאָגט. נאָר דעם קינד אין זיין ווייטיק
די צערטלעכע האַנט פון אַ מאַמען איז נייטיק.

און איר — האָט ער ווייטער גערעדט — פּאַני קרוב,
גערעדט צו דעם בלינדן וואָס זאָגט ניט זיין נאָמען —
וועט זיין ביים אַריינגאַנג אַ וועכטער, זיין ערוב
עס זאָלן ניט אָנקומען אומגעריכט שטראָמען
און שפּילן אַ חתונה. נאַכט וועט איר שלאָפן,
פאַרקערט ווי מיר אַלע, און זיין וועט איר אויפיק
בייטאָג, וועט פאַרהיטן דאָס הויז, לאָמיר האָפן,
און האַלטן אין האַנט פון קאַנאַל־נעץ דעם דופק.
ווי נאָר אַ פאַרדעכטיקער שאָרך וועט אַ גיי טאָן —
אַ צי פאַרן הענגדראָט וואָס איך'ל פאַרגרייטן.

דעם פּליט אַראָנע, געשולט אין פינאַנצן,
האָט פאָליע באַשטימט ער זאָל ווערן דער מייסטער
אין אויפקלייבן געלט, עס באַהאַלטן אינגאַנצן
ביי זיך, אין אַ גרויסן מלוכה'שן טייסטער.
אַחוץ דעם, געקריינט איז ער אויך פאַרן היטער
פון שפּייזקאַמער. ברויט וועט מען מיִען זיך שאַפן,
און זאָל ער פאַרטיילן מיט האַנט מיט געניטער,
דער הונגער זאָל קיינעם פון אונדז ניט פאַרשקלאַפן.
צוערשט האָט דער פּליט געספּקט אַ ווײַלע,
נאָר איינגעשטימט נאָכדעם אָן פרעגעכץ, אָן שאלה.

— און איר — האָט זיך פֿאַליע געווענדט צו רב נתן,
באַשטימט וואָס איר ווילט. נאָך דער פּרוש דער גרייזער
נאָך אַלץ אינעם בלעכענעם פֿאַרמעט פֿאַרשלאָסן,
האָט אומגעזען־שטיל זיך דערדרוקט ווי אַ ווייזער:
— רבותי, דערלויבט מיר צו זיין אייער שוסטער,
איך וויל כאָטש מיט עפּעס באַהילפיק זיין, דינען.
און אויסגעהערט האָט מען די רייד ווי אַ מוסטער
פֿון מענטשלעכער טריישאַפֿט, וואָס ניט צו געפֿינען.
זיי האָבן איינצייטיק דערפֿרייט און דערשראָקן.
מע האָט מיט אַן אָפּשיי געקוקט אויף דעם זקן.

— און דו וועסט אונדז וואַשן די קליידער, די בלוזעס, —
האָט פֿאַליע אַריינגעפּלוישט דבורלען אין אויער, —
אויב שווער, וועל איך צוהעלפֿן גערן, מע מוז עס.
און דו, חבר דיכטער, באַזון אונדזער טרויער
מיט לידער. אַ פֿאָלק זאַלבעצענט איז מסתמא
אַ פֿאָלק. ס'וועט מיין מאַמע באַזאָרגן מיט עסן
און איך — מיטן וואַרעמען ברויט פֿון נקמה,
דער קרבן זאָל קיינמאָל די האַק ניט פֿאַרגעסן.
אַזוי האָט ער, פֿאַליע, מיט שכל, באַקלערטקייט,
פֿאַרטיילט יעדער איינעם זיין חלק באַשערטקייט.

ווי צווייגן דורך נאַכטיקן רעגן באַקאַרשנט,
מיט היימישקייט האָט זיך צעבליט די מאַלינע.
דער היינט האָט ביים נעכטן דעם ווילן געירשנט.
עס איז דאָ אַריין אַ תנכ'ישע שכינה.
און אפשר געקומען די גילדענע פּאַווע,
צעשפּרייט אירע ווייכע שמאַראַגדענע פליגל?
און אפשר האָט פּרצ'עס קונצמאַכער זשוואַווע
פאַרכישופט דאָס הויז מיט אַ לאָמפּ, מיט אַ וויגל?
נאָר וויגל איז וויגל, דאָס פלעמעלע — ברעניק
און וועלט איז דעם בלאָטיקן מענטש אונטערטעניק.

# דער לעצטער עפּל

דאָס קינד האָט געצאַנקט. ווערדליק ליפּמאַנס טעאָריע
באַדאַרף מען פרישׂ בלוט אים אַרייַנגעבן אַײליק.
נאָר אסתּר זי האַלט ניט פון יענעמס דאָקטאָריע
כאָטש אָפּגעבן ס׳האַרץ פאַרן קינד וואָלט זי גרייליק.
עס האָט זיך פאַרעקשנט די רואיקע אסתּר,
אַז אויב מע וועט דאָרערט אַ ציגעלע ברענגען
וועט ס׳קינד פון דער ציגענער מילך ווערן פעסטער.
דעם זעלבן פאַרטאָג איז די פרוי שוין געקראָכן
פון גראַטע אַרויס צו מאַטייקען דעם שכן.

פאַרדרייט אַרום קאָפּ אַ געבלומטע פאַטשיילע
האָט אסתר אָן מורא די גאַסן געמאָסטן.
ווי האָזנפלייש רויט, ווען עס שמעקט מיט נבלה —
די שאַרלאַכבע זון אויף אַ דאַך אַ פאַרראָסטן.
פאַרבייגייער האָבן געצויגן פאַראומערט:
— וואו כאַפּט מען אַ יידל? וואו כאַפּט מען אַ גראָשן?
עס האָבן די ביימער שוין מער ניט געזומערט —
אין אייגענעם טויען־געפּריר זיך געלאָשן.
און איבער אַ גאַס — אַ פּלאַקאַט אין געשימער:
„די שטאָדט איזט בעפרייט פאָן דען יודען פיר אימער".

דורך סובאָטש, אויף רוזעלע, הינטערן בערגל,
דערקענט זי איר הייזקע מיט שינדלען באַגראָזטע.
ס'צעקרייט זיך אַ האָן מיט אַ האַרבסטיקן גערגל:
מיט ליב דיר דיין היימישע ערד, באַלעבאָסטע.
אַ זונרויז מיט בלעטער ווי געלינקע פלעמלעך
פאַרנייגט זיך דורך פּלאָנקן־שטאַכעטן פאַראָבלט.
דערלעבן — פאַרשרומפּן די יידישע קרעמלעך
מיט קרעפּיקע בלעטער באַשיט, ווי אַ קראָ וואָלט
אַרויסגעפּיקט זייערע תפילות, ניגונים.
דערביי — אַ מצבה: דער הילצערנער ברונעם.

אַהינטערן ברונעם, באַפּעדעמט מיט נעפּל,
איז קענטיק דער בעלמאָנט. אַנטקעגן, ביים פּלאַנקן —
אַן עפּלבוים גלאָצט מיט אַן איינציקן עפּל,
וואו בליצן ביינאַכטיקע גאָלדיק נאָך צאַנקען.
צי האָט זיך דער עפּל פאַרעקשנט מיט העזה
און וויל ניט אַראָפּ אין די הענט פון פאַרשוועכער?
עס צערטלט איר בליק זיינע בעקלעך די ראָזע
אויף צווייגל פאַרריסן פון אַלעמען העכער.
נאָר טוט זי געגנענען צום עפּל, איז פאַלט ער
אַליין איר אין האַנט ווי אַ קוש אַ צעשטראַלטער.

באַנאַנד מיטן עפּל — זי היפּערט שוין גיכער
צום שכן מאטייקעס געהויקערטער כאַטע.
אַ קלאַפּ — און די טיר גיט אַ פּידל ניט זיכער,
ס'באַווייזט זיך אַ פּויערל קנייטשיק, האָרבאַטע.
דאָס פּויערל צלמ'ט זיך איבער: עסטושאַ!
און אסתּר דערלאַנגט אים דעם עפּל אָן ווערטער.
דאָס מיינט: ס'האָט דער בוים נאָך פאַרהיט די ירושה.
מאַטייקע פאַרשטייט ניט, ער גאַפט אַ פאַרקלערטער.
נאָר באַלד ווערט מען היימיש און אסתּר נעמט ריידן.
די אַלטע גוטפריינדשאַפט באַגאַרטלט שוין ביידן.

אין כאַטע איז טונקל, אַ קאַפּעלע העלער
פון אירע בלאָ־שטאָלענע זשומיקע פליגן.
דער טיש ווערט באַוואָקסן מיט בלינעס אויף טעלער,
און אסתר דערציילט. וואָס די צייט האָט פאַרשוויגן.
געהערט אַז אויך פּאָליע ער לעבט, — האָט דער פויער
צעשמייכלט זיך אַזש, ווי ער וואָלט מיט זיין שמייכל
געוואָלט פון דער כאַטע פאַרטרייבן דעם טרויער,
און תיכף באַטראַכט מיט אַ גראָדיקן שכל:
קומט ביידע אַהער. אויב דיין זון איז אַזאַ נאַר
ווי פריער, באַדאַרף אים דער וואַלד, פּאַרטיזאַנער...

— זיי ווייסן, די וועלט נאָך געהערט צום גערעכטן
(און אסתר דערפילט: זי איז ניט אַזוי שפּל),
אַדאַמעק, מיין זון, איז געקומען דאָ נעכטן
פון פּושטשע, ער דרעמלט פאַרשיט מיט קאַרטאָפל.
ס׳געדויערט ניט לאַנג און דער בלאָנדער אַדאַמעק
איז אויבעט ביים טיש. דער פּיסטויל אין כאָליאַווע,
דאָס פּנים פאַרוואָקסן, באַוואַלדיקט און פלאַמיק,
און מעשׂיות דערציילט ער, משונה־טשעקאַווע.
דערציילט ווי זיי האָבן צעשלאָגן קאָבילניק
און וועגן אַ שלאַכט אויף אַן אַלטן מאָהילניק.

— איך וויל ניט באַהאַלטן די וואָר, מיינע ליבע,
זאָגט אסתר, אָן פאַליען איז שווער צו באַשליסן.
אַצינד איז מיין קומען אַהער מיט אַ סיבה:
אין אונדזער קאַנאַל איז פאַראַן, זאָלט איר וויסן,
אַ קינד. עס איז קראַנק און צעפּייניקט פאַר הונגער.
וואָלט גוט געווען ברענגען אַ ציגעלע דאָרטן.
עס גאַפּעט דער אַלטער, עס דומעט דער יונגער:
געהערט שוין געדאַנקען פון אַלערליי סאָרטן —
אַזוינס אָבער ניט. נאָר די פאַכטערקע אסתר
פאַרטייטשט איר געדאַנק איבערצייגיקער, פעסטער.

פאַרנאַכט האָט אַ פרוי אין געבלומטער פאַטשיילע
געטריבן אַ ציג מיט אַ פולינקן אייטער.
דערביי אויך געטראָגן אַ בלעכענע כלי,
די ציגענע זיסקייט צו מעלקן. וואָס ווייטער
דאָס ציגעלע האָפּסלט, אַלץ מער ווערט עס קשה:
איך האָב אַזאַ וועג ביז אַצינד ניט באַטראָטן.
צי פירט ער אין לאָנקע צי אפשר צום רשע?
אַן ענטפער דערויף קען מען פרעגן ביים שאָטן.
אַ שאָטן איז — אמת. פאַרשטאַנדיק זיין ריידן.
ער שרעקט זיך פאַר איינס: פאַרן דאַרפן זיך שיידן.

# קידוש־לבנה

די צייט איז צעריסן. ווי האַמלעט זי פּרעגט זיך
איר „זיין צי ניט־זיין" אין פֿאַרזשאַווערטע רערן.
דער טאָג הייסט דאָ נאַכט. ביז די אָוונטשיין עקט זיך
פֿאַרבאָטן איז ריידן. — עס קען נאָך דערהערן
דער שפּירדייטש וואָס לאָקערט מיט זיבן שפּאַן העכער,
איז ליגט'ן פֿאַרקנוילט און מע גריזשעט אַ חלום
ביז וואַנען די נאַכטיקייט מויזט אין די לעכער —
און דענצמאָל איז טאָג. הייבט מען אויף זיך בשלום,
מע וואַשט זיך אין קוועלכל און מ'איז זיך מתעסק
ביי בויען אַ לעבן ווי נייטיק, ווי פּאַסיק.

נאָר פאָליע איז וואַך דורך די גאָרע מעתלעתן.
אין אָדערן פלייצן אים שפּליטערס חלפים.
ער קען דאָס געוועזענע מער ניט פאַרגעסן,
זיך אָפּגעטאָן האָט פון די אויגן דער שלאָף אים:
צי מעג ער זיך דאָ פאַרקאַנאַלעווען ווייטער?
דערוואַרטן באַפרייאונג — וואָס האָט פאַר אַ זינען?
עס יאָגט דער געדאַנק ווי אין שלאַכטפעלד אַ רייטער:
פאַרלוירן דעם וועג, — איז אַן אויסוועג געפינען!
און בילדער נאָך בילדער, וואָס אָקערשט פאַרשוואונדן,
זיי גיבן אַ בליאַסק ביזן ביין אָנגעצונדן.

די קאַמפּן אין געטאָ... ער איז זיך מתוודה:
קיין איינציקע רגע ניט אָפּ פונעם פאָסטן.
פאַרטיידיקט דעם גייסט אין דעם גופס באַריקאַדע,
מיט שׂנאה אַקעגן דעם פיינד זיך פאַרמאָסטן.
זיין טאַטע דערבײַ האָט גערופן דעם גואל
און שופר געבלאָזן אי תקיעה אי שברים.
געהויבן צום הימל די הענט: שמע ישראל!
און נאָכדעם געפאַלן דעם זון אויפן אָרעם.
נאָר ווייטער פון „שמע" האָט זיין בליק זיך געריסן,
געבליבן אַ טשוואָק ביי דעם זון אין געוויסן.

און שפּעטער? געוואָלט מיט די לעצטע חברים
אַנטלויפן אין וואַלד. נאָר ווי לאָזט מען אַ מאַמען?
און רונד אַרום געטאָ איז פול מיט מערדיירים.
קיין קוילן — ניטאָ. זענען ביידע צוזאַמען
אין לעצטע סעקונדן אַנטרונען אַהער דאָ,
אין מלכות פון מייז און בריליאַנטענער בלאָטע.
צי האָט ער פאַרשוועכט פון אַ קעמפער די ווערדע,
באַדאַרף ער זיך שלאָגן אין ברוסט אויף חרטה?
ניין־ניין, ס'איז ניט מעגלעך ס'געבראויז צו באַהאַלטן, —
צערעדט ער זיך פּראָסט פאַרן הייפל געשטאַלטן:

— אָ, ברידער! אין פינצטערניש הערט מיינע רייד אויס.
איך קען מער ניט וואַרטן אויף גוטע באַפרייער,
כ'וויל קעמפן אין וועלדער... כאָטש ס'האַרץ איז מיין עדות
ווי נאָענט איר זענט מיר געוואָרן, ווי טייער.
עס עקלט מיך יעדער באַוועג מיט מיין אָרעם
פון רגע ווען כ'האָב זיך געשיידט מיט די וואָפן.
עס קנייפּן מיך פינגער געוואַקסן אויס קברים:
— קויף־אויס אונדזער אומקום, דערפיל אונדזער האָפן!
איז ווי קען איך אַנדערש אַן ענטפער זיי געבן?
ניט מיר — עס געהערט צו די טויטע מיין לעבן.

נאָר דאָ האַקט אים איבער דער פּרוש רב נתן,
געהילט אין יריעות אָנשטאָט אין געוואַנדער,
וואָס תמיד איז ער ווי אַ ברונעם פֿאַרשלאָסן
און לעבט מיט ירושה פֿון צייטן און לענדער:
— קומט אויס ווערליק דיר, יונגערמאַן, אַז דאָס הרגען
איז חשובער איידער צו העלפֿן אַ יידן?
פֿון דיינטוועגן קענען מיר אַלע זיך וואַרגן,
אַבי דו אַליין זאָלסט אַוועקגיין צופֿרידן?
צוערשט מאַך זיך קלערער דיין אייגענעם רעיון —
דערנאָך קענסטו יעדער מינוט זיך באַפֿרייען.

— וואָס הייסט? נעמט אין פּאַליען דאָס אינגעווייד ברומען —
אַ זינד איז צו נעמען נקמה? און ס'ענטפֿערט
רב נתן: דו האָסט מיינע רייד ניט באַנומען;
מיר זענען דעם אַשמדאי איבערגעענטפֿערט.
פֿאַראַן דאָ אַ טראָגיקע פֿרוי און אַ בלינדער,
די פֿרוי דאַרף בקרוב געבוירן, באַנעם עס.
נאָך אָטעמט אַ קינד אין דער בלאָטע אַצינדער,
נאָך טליִעט אַ פֿאָלק זאַלבעצענט מיט זיין אמת.
און דו ווילסט אַנטלויפֿן, די ערה צעשפּאַלטן,
צי וועט דיך דיין אייגענער גייסט ניט פֿאַרהאַלטן?

נאָר אויבע, מיין זון, דיין גערשאנק איז אַן אַנדער —
נאַכמאָל דאַרף איך בינדן מיט שטריק זיינע פליגל?
געבענטשט זאָלסטו זיין מיט דער ביקס אינעם וואַנדער,
זי זאָל דיך באַשיצן ווי חוני'ן זיין עיגול.
דערנאָך האָט דער פרוש באַגאָסן די נעגל,
גערופן די מענער און איז מיט כּוונה
אַוועק צו אַ גראַטע דורך זייטיקן שטעגל,
כּדי דאָרט מחדש צו זיין די לבנה.
— אוי שלום עליכם, עליכם השלום.
דאָס ציגעלע האָט זיך געוועקט אויסן חלום...

ס'איז פאַליע געבליבן פאַרחידושט: אַנטקעגן
עס האָפּקען גאָר יידן: אוי שלום עליכם!
ווער האָט מיך פאַרכּישופט? — געלוסט זיך אים פרעגן.
ווער זענען די לייט? נאָר עס גיט אַ דערגרייך אים
אַ מורמל־געשוויג ווי אַ שניידיקער פאָדים
און רייסט זיך פונאַנדער ביי ערשטער באַרירונג.
ס'איז דבורל. זי שטיקט אירע זוניקע פּחדים.
אין טונקלעניש גלימצערט איר צאָרן ווי צירונג.
מיט ליפּן פאַרשלאָסענע צוימט זי די ווערטער.
און פאַליע, ער ציינערט אַרויס אַ באַשווערטער:

— וואָס רעדסטו ניט, דבורל, דו ביסט אויף מיר ברוגז?
דורך וועלכן קאַנאַל איז דיין שמייכל פאַרפלויגן?
פאַרטרייב פון די ליפּן דעם וואָלקן, וואָס טויג עס!
נאָר דבורל איז דווקא אין טרויער פאַרזויגן.
און בלויז אַ לבנה־שטראַל פאַלט ווי אַ ווענדע,
פאַרשפּרינגט אויף צוריק מיט אַ טרער אויפן אַנגל.
אין טראָפּן פאַראייביקט איז שוין די לעגענדע.
פאַרשפּיגלט, פאַרזויגלט דעם לעבנס געראַנגל.
נאָר דבורל דערלאַנגט זיך אַ ריס, נעמט פאַרשווינדן
דורך אָפענער קליאַפּע אין חלל דעם בלינדן.

צעטומלט איז פאַליע. זיין שטאָלץ איז באַליידיקט.
אַ יאָג — און געכאַפּט זי, גענומען געפּאַנגען.
נאָר ווי פון אַ פרעמדן איר לייב זי פאַרטיידיקט
און איבער די שטראָמען צעלויפן זיך קלאַנגען:
— צום ווידערזען, פאַליע, נאָר ווי לאָזט'ן איבער
אַ מאַמען? פאַרשטייסטו וואָס מיינט עס: אַ מאַ—מען!
אַ וואַסערשטראָם פּאַטשט זיי די פיס, יאָגט אַריבער.
פאַרגאָסענע ציט מען זיך נענטער צוזאַמען.
עס ענטפערט די שטומקייט מיט זילבערנע רינגען,
מיט מויזן־געפּליעסק און געפייפלטן שפּרינגען.

און פֿאָליען באַשלאָגט אַ פֿאַרליבטע פֿאַרשעמטקייט,
אַז פֿאָפֿעריק שטעלט זיך דער ענטפֿער אין גאָרגל.
צום אייגענעם אָטעם דערפֿילט ער אַ פֿרעמדקייט.
ער שווייגט. נאָר דער וואַסערשטראָם שפּילט ווי אַן אָרגל
פֿאַרביידן. און זעלבן מאָמענט זיי דערהערן
דער פֿאַכטערקעס קול: וואו באַהאַלט איר זיך, קינדער?
און ביידע זיי ענטפֿערן גלייך דורך די רערן:
— אָט דאָ! אַיילט די מאַמע שוין דעמלט געשווינדער:
— אַ קריגעניש גאָר? לאָזט געמאַך, אַ געלעכטער.
די צייט וועט שוין פּסקענען ווער דער גערעכטער.

...און העט ביי דער גראַטע מע האַלט נאָך אין טאַנצן
ביי פֿרישן לבנה־וועבס פֿול מיט הנאה.
ביז וואַנען דער מולד צעפֿאַלט זיך אינגאַנצן
אין ליכט־זייַלן אָקערשט געבוירענע, בלאָע.
און זילבערנע כרובימלעך פֿלאַטערן, טויכן
אין וואַסער, דערטרינקען זיך, שימערן ווידער.
זיי שמעלצן פֿונאַנדער מיט וואַרעמע הויכן
די פֿינצטערניש, טוען באַלייכטן די גלידער.
דאָס ציגעלע בלויז, וואָס די צייט אים ענגאַל איז,
קראַצט ווייטער דאָס בערדל אין גאָלע התגלות.

## די קבורה

בײנאַכט אויף זאַרעטשער בית־עולמין. עס רעגנט,
און פײגעלעך פאַלן פון חרובע נעסטער.
מיט בליציקע סטרונעס באַצויגן די געגנט.
עס ברענען אין רעגן מצבות. און אסתר —
צעווישן די קברים. זי רײסט מיט די נעגל
די בײניקע ערד און פאַרשטעלט מיט דער פּלײצע
דעם שלאַקס. איר געקלײד, ווי אין שטורעם אַ זעגל.
ניטאָ פאַרן קוואַליקן וואַסער קײן עצה.
וואָס טיפער זי גראָבט, ווערט דאָס קבֿרל פולער.
דאָס פּנים פון טויט איז דער רעגן דער דולער.

באַפּעסטיקט דעם קבר אַרום און אַרומיק
מיט ליים — נעמט זי אויסשעפּן איילויק דאָס וואַסער.
און וויקלט אַרויס אין געהיים פון אַ קלומעק
אַ קינד. אין דער נאַכט אין דער בליציקער, נאַסער,
נעמט לייכטן אַ מת׳ל, די גריים ווי אַן אָרעם.
זי איז עס מטהר אין רעגן. עס קומען
אַהערצו באַקלאָגן אַ מנין מיט קברים,
באַוואַקסן מיט ברעטלעך ווי הילצערנע בלומען.
דער רעגן ווערט שטילער, אַצינד איז דאָס קינדל
פאַרהילט אין תכריכים — אַ ווייסינקער ווינדל.

זי ברענגט עס מיט ליבשאַפט אין קבר: שלאָף רואיק!
(אַזוי ווי אַ קינד ס׳ערשטע מאָל אין אַ חדר).
אַ בליק ווייזט אַ יידישן אות וואו־ניט־וואואיק,
ער איז דעם בית־עלמינס אַנטפּלעקער, באַשיידער.
און אפשר וועט קומען גבריאל המלאך
און וואַרפן אַ רענדל? ער וואַרפט ניט. פאַרשטאַן.
אַ שיכורער בליק ווייזט איר אָן דעם מהלך
צוריק צום קאַנאַל, אין באַוואָלקנטן שאָטן.
אַ בינטעלע גראָז פליקט זי אָפּ אונטערוועגנס
און ברומט אַ געזעגנס, און ברומט אַ געזעגנס.

פון וואַנען קומט דבורל? איך האָב זי עס זעלטן
געפרעגט. וויס דער שטערן אַליין פון זיין ליכטונג?
און ווייס דען דער פייטן פון וואָסערע וועלטן
עס צוּיבערט צו אים אין געהיימשטאָט זיין דיכטונג?
זי קומט אומגעריכט ווי די פרייד, ווי די אומפרייד.
אַ דבורל ־אַזאַ מוז אַנטפלעקן זיך אייביק
מיט זוניקן שמייכל ווי העלע טריאומף־רייד,
כדי דאָס געפיל זאָל זיך אויפהאַלטן גלייביק.
אָן דבורלען — גייט עפּעס פאַרלוירן אַן עיקר,
עס וויינט די באַשאַפונג צעריסן אויף שטיקער.

איר פּנים ווי דורכזעאיק־ראָזלעכער פֿאַרפֿאָר
אַנטקעגן אַ פּלעמל. ס׳באַוואַכן זי שטאָלצע
פֿאַרהויבענע צעפּ. און די אויגן — אַלץ שאַרפֿער,
ווי אָן דער לבֿנה־שיין שלייפֿן זיי וואָלט זי.
און שטראַלן געבויגן אין אָוונטיק וואַסער
דערמאָנען דיר גלייך אירע הענט, ווען זיי גיבן
מיט צאַרטער באַוועגונג אַ לייכטן פֿאַרמסר,
אַז איבער דעם אומקום עס קיניגט דאָס ליבן.
די הענט פֿלעגן קאָרמען קלאַווישן מיט קלאַנגען,
דער עבֿר פֿון זיי איז נאָך אַלץ ניט פֿאַרגאַנגען.

געבראַכט אין קאַנאַל האָט איר אסתּר. געפֿונען
אַהינטער דער שטאָט, אין געקלייד פֿון אַ נאָנע.
דאָס מיידל איז טאַקע פֿון קלויסטער אַנטרונען
ווען ס׳האָט זיך דערנענטערט אַהין די סכּנה.
און דאָ, אין געהיימשטאָט, מיט הונגער באַפּלייטלט,
איז דבֿורל פֿאַרוואַנדלט אין הונגערס פֿאַרבייטער.
אַ בליק נאָך אַ בליק ווערט אַרום איר געקייטלט,
פֿאַרטונקלט אַ רגע און קייטלט זיך ווייטער.
ס׳האָט אסתּר באַמערקט די פֿאַרהוילענע יעגער
און דבֿורלען גענומען צו זיך אויף געלעגער.

עס העלפֿט ניט. ס׳וויל איטלעכער ליגן כאָטש נענטער
צו דבורלען. איר חלום זאָל וואַרעמען. גדליה,
וואָס פֿירט דאָ אַ פּינקס — ער לוגט אַ צעבראָכענעם
אין פֿינצטערניש. וואַרפֿן זיך גרייט אין באַטאַליע.
ווייל זינט ער האָט חיה׳ש דערשמעקט אַז אין דבורלען
אַ צאָרן זיך קלייעט צו פּאָליען, האָט ביטרע
גענומען ביים לערער אַ זיכערקייט יווירלען.
אים אַרט ניט, וואָס דבורל, געשפּאַנט ווי אַ ציטרע,
טראַכט אַנדערש. דעריבער האָט אָפּט זיך געטראָפֿן
אַז אונטער איר נאַרע אַוועק איז ער שלאָפֿן.

ווען ס'נאַכטיקט די שטאָט, רוען אויך די קאַנאַלן.
עס ציִען זיך שטרעמלעך — פאַרוואָגלטע שעפסן.
דער „שטורעם־קאַנאַל" מיט זיין ליאַרעמען, שאַלן,
איז איינגעשטילט. פינצטערע, פייכטע געוועבסן
באַטאַפּן די לופט. ווי אַ שנירל פון דימענט
אַ קוועלכעלע ציט זיך בלחש אינמיטן.
די נאַכט איז מיט אָפּגלאַנץ פון קוועלכל באַסימנט.
דאָס פּרואווט אין דער בלאָטע זיין צורה פאַרהיטן,
כדי ניט אַריינפאַלן סתם אין ווילִיע...
נאָר שווער! ס'איז די זומפּיקע נאַכט אַ מניעה.

אין „שטורעם־קאַנאַל" פון אַ מעטער מיט זעכציק
שפּאַצירט אונדזער דבורל כמעט ניט געבויגן.
עס וואַנדערט אַ ווינטל פאַרזשאַווערט און קרעכציק
און באַלד — אין אַ צווייטער מאַלינע פאַרפלויגן.
און אָט פלייצט אַריין פון אַ זייטנרער לעפּלעך
דער שטראָם פון אַ וואַנע מיט ריח פון זייפן.
און דבורל זי שוועבט איבער ברונימלעך, טרעפּלעך,
און ווייס אַקוראַט וואו זי איז, וועלכע הייפן
ס'געפינען זיך אויבן, גלייך דאָרטן געגאַנגען,
און האָרכט ווי די שטילקייט נעמט אויסקנייפּן קלאַנגען.

צוערשט קומען שטיקעלעך גלאָז און באַרירן
זיך איינס אָנעם אַנדערן. בלעכלעך און טשוועקעס
פאַרשטאַרקן דאָס פּלוישעכץ אין וואַסערס געהירן.
פאַרקלעזמערטע שאָטנס באַוואוינען די שטרעקעס.
און ווי אויף קלאַווישן עס טראָגט זיך דאָס מיידל,
פאַרגעסן וואוהין און צו וועמען זי וואַנדלט.
פאַרבאָרגענע טענער, געשליפן און איידל,
זיי האָבן די רער אין אַ גאָרטן פאַרוואַנדלט.
צאַפּ־צאַפּ, צאַפּ־אַצאַפּ, עס באַטרעלן, דערפרייען
אין גאָרטן, לבנה'דיק־צאַרט, סאָלאָווייען.

זי ציילט אירע טריט, ניט צו ווערן פאַרלוירן,
און פּליושקעט מיט זיי אין די וואַסערן באַרוועס.
פון גאָרנישט עס ווערט אַ סימפאָניע געבוירן.
צי האָבן די טענער פאַרצויבערט זי נאָר־וואָס?
און דבורל דערמאָנט זיך: אַ צימער, אַ פּיאַנע;
דער שאָטן פון פענצטער שלאָגט אָפּ אויף קלאַווישן;
די פינגער וואָס זענען אַליין זיך מקנא
און פאַנגען די קלאַנגען אַרום און צעווישן.
עס ווערן די חושים געשליפן, געריייניקט
און דבורל — צוריק מיט איר פּיאַנע פאַראייניקט.

צאַפּ־צאַפּ, צאַפּ־אַצאַפּ. די מעלאָדישקייט — העכער.
אָנשטאָט סאָלאָווייען — גאָר מייז אין די טשאַטעס
צעשטורעמטע יאָגן פון זייטיקע לעכער
און שפּרינגען זיך וואוילעריש אונטער די גראַטעס.
נאָר דבורלען באַהערשן אַלץ מער די צאַפּצאַפּן.
די פייגל־מייז מאָנען, פאַרשיכורן, קלאַנגלען.
וויל דבורל אַ ווערק פון די טענער באַשאַפן!
זי פילט ניט די שטראָמען וואָס רינגלען זי, ראַנגלען.
פאַרצייכנט זי גיך אין דער פינצטער די נאָטן,
זיי זאָלן חלילה קיין קלאַנג ניט פאַרראָטן.

פון וואַנען זאָל פילן דאָס מיידל, אַז אויבן
איצט מבולט אַ רעגן און ריזלט דאָ האַסטיק?
זי שרייבט, קאָמפּאָנירט מיט אַ פריידיקן גלויבן,
באַהערשט פון דער זעלטענער פיינער פאַנטאַסטיק.
שוין גרייכט ביז די קני דאָס צעקאָכטע געוועסער
מיט פלייציקע פידלען, וואָס שפּילן אָן קיינעם.
עס טרילערן פלייטן, עס בויערן בעסער:
באַזונדער — אינאיינעם, באַזונדער — אינאיינעם.
עס פּלאַצט אַ געוויין! און עס ברויזן אַקאָרדן,
ווי איינער וואָלט וועלן — דעם צווייטן דערמאָרדן.

די נאָטן — אין מויל, אינעם שטראָם ביז די לענדן,
זי שווימט עלעהיי צווישן שטיינער אַ שיפל.
פאַרשוואונדן דער גאָרטן, די אָנהייבן, ענדן.
דאָס מיידל געדענקט ניט די גאַסן און וויפל
אַריבער. זי פּעסטיקט זיך איין אין די רונדן,
דער שטראָם זאָל ניט מיטשלעפּן זי אין ווילינע,
און נישטערט איר היים... נאָר די היים איז פאַרשוואונדן
אַזוי ווי אין פרילינג אַ זוניקע קריע.
זי שווימט אַזוי לאַנג ביז דאָס וואַסער נעמט פאַלן
און בלייבט ערגעץ ליגן אין זאַמד פון קאַנאַלן.

נאָכן מבול

*

בעדולדיקער לייענער, זוך ניט אַרומעט
דעם דיכטערס פּערזאָן אין דער ווילדער פּאָעמע.
אַחוץ אים וועט אויך דאָ געצנוג זיין דער אומעט
אוןליידן דערפון וועט ניט ליידן די טעמע.
נאָר אויב דו ווילסט דווקא דערשנאַפּן דעם דיכטער,
דערגייין זיין באַציאונג צו זיך און צו יענעם —
גראָב טיפער זיך איין אין די שאָטנס און ליכטער
פון זיינע חברים, דאָרט וועסטו דערזען אים
נאָך בעסער ווי איך. און אַצינד וועל איך פירן
דיך ווייטער אין אונדזער געהיימשטאָט שפּאַצירן:

ווען דבורל האָט פול מיט התלהבות געשאַפן
די מויזן־סימפאָניע אין קלאַנגיקן פינצטער,
און גאָרניט געפילט ווי עס קומט אין געלאַפן
דאָס וואַסער, — איז אויך ניט געווען קיין מינדסטער
פאָרויספיל ביי אונדז. ס'האָט פאַרנומען זיך איטלעך
ווי תמיד: ביים פאַך, ביי פאַרגרייטן דאָס עסן,
און ווער ביי אַ שמועס געשמאַק און געמיטלעך,
אַזוי ווי מע וואָלט די סכנה פאַרגעסן.
נאָר ווען ס'האָט דער בלינדער, וואָס שטייט אויף זיין פאָסטן,
געגעבן אַ צי פאַרן דראָט דעם פאַרראָסטן —

— אַליאַרעם! — האָט ס'וואַסער מיט רויש און האַרמידער
געיאָגט ווי פון דאַמבעס געפלאַצטע, פאַרשוואָנקען
דעם חלל. און מיר האָבן אַלע זיך ווידער
געלאָזן אין שטראָמיקן קיניגרייך בלאָנקען
און זוכן אַ מיקלט אַ צווייטן, כדי צו
ניט ווערן פאַרטרונקען אין וואוינונג. ס'האָט פאָליע
געטראָגן דעם בלינדן ביי זיך אויף דער פלייצע
און אסתר — די ציג, וואָס איז פול מעלאַנכאָליע,
און ליפּמאַן — די טראָגיקע פרוי, און רב נתן —
דעם אָפּשיין פון ספירות אין זעאונג פאַרשלאָסן.

ערשט דעמלט, ווען זון איז אַריין אין די סאַליעס
דורך דעכעלעך־גראַטעס און שטראַליק צעברעקלט
איר גאַנצקייט אין רינגען באַרואיקטע כוואַליעס, —
האָט אונדזער טאַבאָר זיך אַ ווײַלע פאַרהעקלט
אויף עפּעס אַ וויספּע, ווי אויפן אַררט
די תיבה. געטריקנט אין לעפּלעכע שטראַלן
די אייזקאַלטע בגדים. נאָר ס׳האַרץ האָט געטאָרעט
פון וועגן דער דבורל, וואָס איז אונדז פאַרפאַלן.
דערווײַל האָט רב נתן גענומען אויף גרימען:
פאַרלוירן די תורה אין מיטן דעם שווימען.

עס האָבן צוויי מענער זיך דענצמאָל געפּעדערט,
אַוועק צו געפינען פאַרבלאָנדזשעטע וועלטן.
ניטאָ מער קיין מבול אין כוואַליעס גערעדערט.
אַ שטראָם טוט פאַרשפּרינגען די וועגן שוין זעלטן.
דער נאַקעטער פּרוש קען אַליין ניט באַנעמען
ווער האָט אים געגזלט די תורה — זיין קליידונג?
און פאָליעס געוויסן — אין פיינלעכע קלעמען:
— ניט שוין זשע מיט דבורלען די לעצטע צעשיידונג?
נאָר אָט וואָס מיר זענען דערגאַנגען דאָ שפּעטער:
נאָך לאַנגן פאַרוואָגל, געבלאָנדזש און געקלעטער,

דערזען האָט דער פּרוש ביים טייך אַ דערפרייטער
זיין תורה, פאַרכאַפּט אין שטאַכעטן, צעריסן,
מיט אותיות צעגריזשעט פון מייז. און דער צווייטער
מיט בליציקער בייטש פון דער ליבשאפט געשמיסן —
האָט דבורלען דערשמעקט ערגעץ העט אויף אַנטאָקאָל
מיט קאַלטע פאַרגליווערטע אָרעמס ווי שטיינער.
און האָט ער געטאָן פאַרן קאָפּ זי אַ שאָקל —
באַוויזט זיך אַ בלעטל פּאַפּיר אין די ציינער.
נאָך גוט וואָס אַ ליפּמאַן איז דאָ, זאָל באַוואוסט זיין:
ער האָט עס די קליינע געבראַכט צום באַוואוסטזיין.

## ציִאַן־קאַלי

אין פּאַלאַץ וואו נאַפּאָלעאָן איז געזעסן
דאָרט הערשעווּעט גרויזיק די האַק פון געסטאַפּאָ.
אַ האַקנקרייץ פלאַטערט: דער הערב פון מעתלעתן,
און ס׳דריקט דער פּאַליי ווי אַ חיה׳שע לאַפּע.
עס יוכצעט פון דאָרטן אַ שלאַנגיש געלעכטער
פון הויכוואוילגעבוירענע הערן און דאַמען,
און ס׳ציילט אויף זיין רעכן־מאַשינקע דער שעכטער
די וואַרעמע, קעפּיקע צאָלן צוזאַמען.
אין פּאַלאַץ איז פריילעך. עס הוליען לזכר
פון ווילנע אָן יידן — די שווארצע דערגרייכער.

נאָר אונטערן פּאַלאַץ — דערציילט אונדז דער בלינדער
ווי ער איז געשלאָגן געוואָרן מיט בלינדקייט.
(מיר האָבן אַ פּונקטנייע דירה אַצינדער
אַליין זיך געבויט אין אַ מאָדנער געשווינדקייט,
צעווישן דעם פּאַלאַץ און קרייצונג פון רערן,
וואו ס'איז אַזוי קוּנציק אַ טירל פאַרבאָרגן.
דערווייל איז דאָ פינצטער. נאָר פּאָליע קען שווערן,
אַז ער וועט אין קעלער עלעקטרע באַזאָרגן.
אַ דראָט פּרואווט ער ציען אַהערצו פון קאַבל
און ליכטיק זאָל זיין אונטער נעסט פון מחבל!)

דער בלינדער דערציילט: בעת אַ שחיטה אין געטאָ
האָט ער זיך ביינאַכט אין אַ קעלער פאַרמויערט
מיט ווייב און מיט קינד. נאָר די פיינד — ניט געזעטע,
זיי האָבן געריסן די ווענט און געבויערט
דעם גרונטפעסט. מע הערט דעם גאַלאָפּ פון די לויפער.
מע זעט דורך אַ שפּעלטל צעהוזשעטע פלאַמען.
— זיי וועלן פאַרברענען! די מורא אָן אויפהער.
באַשליסט מען: שוין בעסער אַליין זיך פאַרסמען.
אַזוי ווי ער טראָגט אין אַ קנאָפּ ציאַן־קאַלי,
איז וועט ער פאַרטיילן חלקים פאַר אַלע.

עס דרינגען אַלץ נענטער די טריט פון פאַרצוקער.
עס קריכט ווי אַ שלאַנג דאָס פאַרשאָלטענע לשון.
זיין טעכטערל רייזעלע האָט ווי אַ צוקער
געגומען דעם סם, זיך די ערשטע געלאָשן.
ביים ווייב האָט די גסיסה געדויערט שוין לענגער,
נאָר אויך אוים געוואוינשאַפט האָט זי אינעם שטאַרבן
דאָס קרעכצן דערשטיקט. אין באַהעלטעניש ענגער —
געבליבן בלויז ער מיטן אייגענעם שאַרבן.
נאָר דעמלט... אָ, וואונדיקער, בייזער זכרון!
זיין טייל ציאַן־קאַלי — ניטאָ, ניט געוואָרן.

צי האָט ער זיך ערגעץ אומישנע פאַרקייקלט,
צי ס'ווייב האָט בטעות פאַרשלונגען אינגאַנצן?
ווער קען עס באַנעמען! דער מוח צעפייקלט.
זאָל קומען דער שונא מיט פייער פאַרגלאַנצן!
עס ליגן צו פיס די פאַרגליווערטע גופן
און ער, זייער אָפּסמער, לעבט! זאָל שוין גיכער
צעשפּרינגען דער קעלער! נאָר ס'העלפט ניט זיין רופן.
עס האָט זיך אַריבערגעטראָגן דער וויכער
און — — — שטיל. עס איז קענטיק אַ זכיה די שלאַכטונג.
און ער איז געבליבן. דעם טויטס אַ פאַרטראַכטונג.

און ער איז געבליבן. נאָר ס'האָבן די אויגן
זיך אָפּגעזאָגט אָנצוזען פּנימער, אויסער
די צווייען פאַרסמטע. די זון איז פאַרפלויגן.
געבליבן אַ שאָטן אַ פלוכיקער, גרויסער.
נאָר איידער עס האָט נאָך דער בלינדער געענדיקט —
ערשט פלוצים אַ פלאַם, ווי די זון וואָלט געפאַלן,
האָט שטראַליקערהייט די מסיבה פאַרבלענדיקט.
עס האָבן אַ רגע די שפּרודליקע שטראַלן
נאָך מערער פאַרטונקלט די נאַכטיקייט. אָבער
ס'האָט גלייך זיך צעשימערט אין גאָלד און צינאָבער.

און קיינער פאַרשטייט ניט... אין שרעק דורכגעאַקערט
די אַפּלען, ווי שקיעה־באַפאַלענע שויבן.
די שרעק האָט אַליין זיך געצונדן און פלאַקערט.
נאָר פאָליע צעלאַכט זיך. דאָס האָט ער פון אויבן
געצויגן עלעקטרישן שטראָם פאַר דער וואוינונג.
פאַרשעמט ווערן בליקן. פאַרגאַפטע מע זעט זיך.
עס צאַפּלט אַ העמד אין געלאַטעטער שטוינונג,
און דבורל זוכט פאָליען, דאָס קליידל פאַרגלעט זיך.
בלויז איינער האַלט ווייטער אין ריידן — דער בלינדער.
ס'דערוועגט זיך ניט קיינער אים שטערן אַצינדער.

# דער פרוש אויפן שולהויף

פון דאַנען, פון ירושלים של מטה —
עס האָט זיך רב נתן אַ נאַכט פאַר יום כיפור
אַרויסגעגליטשט דורך אַ געעפנטער גראַטע
און איינער אַליין, אין געקריך און געהיפער,
אַוועק אויפן שולהויף צו זאָגן די סליחות
ווי פאַר דער מלחמה. דעריזען האָט ער דעמלט
צעגרובט און צעבערגלט זיין געטלעכן יחוס, —
אַ חלום פאַרוואַנדלט אין לייַם, וואו עס פלעמלט
דער נאַכטיקער טוי, און דער ביינִיקער זקן —
געזאַלבט האָט אין דעם זיינע אַשיקע לאָקן.

דער שולהויף — אַ האַריץ וואו עס זשאַווערט אַ מעסער —
האָט קוים נאָך געצאַפּלט באַהאַנגען מיט שטערן.
פאַרהאַקט איז די שטילקייט אויף זילבערנע שלעסער,
מע קען דאָ אפילו איר שווייגן ניט הערן.
— וואו זענען די יידן, די דאַוונער, די לערנער,
דער ניגון אַרום די געבייַען פאַרפלאָכטן?
ער טאַפּט זיך אַליין מיט די פינגער פון דערנער,
צי מ'האָט אים צוזאַמען מיט זיי ניט געשאָכטן.
אַנטקעגן ליגט אויך אין אַ מיטה פון ציגל
רזיאל המלאך, אַ טויטער, אָן פליגל.

ס'דערלאַנגט אים דער ווייטיק אַ שלעפּ ווי אַ קאָרשון
און טראָגט פאַרן האַלדז, איבער הויקערס אין שימל.
ער שוועבט אויפן שולהויף די שטומקייט צו פאָרשן:
— וואו זענען די יידן, — אָ, פאָטער אין הימל?
אַ נס, ווייז אַ נס אינעם טאָג פון משפטים,
עס זאָלן דיר כאָטשבי די טויטע געטרויען!
און שוועביקערהייט, מיט צעשייטערטן אָטעם,
ער פליגלט אַריין אין דער קלויז פונעם גאון.
בלויז ווענט. אויך דער באַלקן צעפּליקט און צעבויגן.
ער קוקט דורך די לעבער. צי גלייבן די אויגן?

די שטערן דאָס זענען קיין שטערן ניט, זע נאָר:
דאָס זענען די יידן! קוק נענטער אַ ביסל:
מיט דעם אויף איין באַנק ביסט געשלאָפֿן, און יענער —
טראָגט עמערס אין הימל אויף זיין קאַראָמיסל.
אָט זענען די האָלצהעקער, שניידער און שמידן, —
און אָט אַ מקובל ביים חלבנעם שטענדער.
די שטערן דאָס זענען פֿון שולהויף די יידן,
זיי טוען וואָס פֿריער, אָן מינדסטן געענדער:
מע בלעטערט די ש״סן, מע האַנדלט, מע אַרבעט,
דער רבי זאָגט תהילים, דעם אייביקן האַר בעט.

און ווי נאָר עס פֿליִען די הענט צו דער מראה —
פֿאַרטונקלען די שטערן — די שכנים, די ברידער.
דאָס האַלט זיך אין רייצן אַ קונדס אַ כמאַרע
און לאָזט אים אין שולהויף אַן איינציקן ווידער.
— ווילסט ברענגען מיך צו אַ נסיון? דיין שליטה
צעשמעליץ איך ווי בליי מיטן פֿלאַם פֿון מיין גלויבן! —
טוט זשיפּען דער פּרוש מיט אַפּלען צעגליטע
צום שׂטן, — דו וועסט מיר די זעאונג ניט רויבן.
און מעגסטו מיט פֿעלדזן פֿאַרשטעלן די עדה —
זי לעבט, ווי מיר לעבן דערוויילע נאָך ביידע.

פון בערגל צו בערגל פֿאַרהוילן ער ציט זיך
ווי איבער אַן אָפּגרונט אַ שפּין אויף אַ פֿאָדים.
די שטערן זיי טראָגט ער אין האַרצן שוין מיט־זיך,
זיי לייכטן אַזש אונטער די פֿאַרמעטענע בגדים.
עס וויגט אין דער לופֿט זיך די בלאָע גאַלעריע
מיט ניט קיין פֿאַרגאַנגענער פֿידל און צימבל.
זי שפּילט פֿאַרן פּרוש אַצינד איר מיסטעריע
אויף חרובער יידישער גאַס, ווי אַ סימבאָל.
נאָר אונטן — די קלויזן, די שטיבלעך זיי ליגן
ווי קלאַנגען צעהאַקטע פֿון יענעם־אָ ניגון.

— צי ביסטו געפֿאַלן באמת, קלויז־יִדְן?
אַ שויב־מגן־דוידל איז דיין מצבה.
היכלים איר מיינע, ווער האָט אייך פֿאַרלאָשן
מיט פּשוטן דאַוונער, מיט כּוהן און לוי?
פון הונדערט — געבליבן די שטאָטשול. ער נידערט
אַראָפּ אין דער טיף. איז צופרידן וואָס גאַנץ איז
אַ מירמלנע זייל אין דער פּוסטקייט פֿאַרגלידערט —
די האַנט פֿון באַשעפֿער האַלט אונטער דעם תּמצית.
פֿאַרוואַרפֿט אַרום זייל זיינע אָרעמס ווי רייפֿן
און האָרכט צו דעם גרילן־געזעג פֿון די שלייפֿן.

אַזוי אַרום זייל טוט ער תּפילה. עס לייכטן
די שטערן שוין ווידער דורך שמאָלן געגיטער.
און גלייך ווי אַן אָ מ ן, פון באַלקן דעם פייכטן
אויף דר׳ערד פאַלט אַ טראָפּן, אַ צווייטער, אַ דריטער.
און ענדיקט ער — טונקלט אַריין דורך די שפּאַלטן
אַ ליכט פון אַנטלאָפענעם דור. איז דערזעט ער
צעוואַלגערטע ספרים, — און טוט זיי באַהאַלטן
אין טאָרבע, זיי וועלן אים נוצן אויף שפּעטער,
געפינט אויך טליתים, צעפלויגענע שמות,
און אַליץ אין דער טאָרבע, צו ברענגען אַהיים עס.

אין פּאָליש פון שטאָטשול, וואו ס׳הענגט נאָך אַ קונע,
אַ גרייטע, די זינדיקע וועלט צו פאַרשמידן, —
דערהערט ער אַ שאָרך. און פאַרדעכטיק־משונה
עס בלינצלען די ווייסלען ביים שטראַליקן יידן.
נאָר באַלד גיבן היימישע ווערטער אַ צאַפּל:
— גוט מאָרגן, רב ייד, אַ גוט מאָרגן אייך, שכן!
איז אפשר אייך שווער, וועל איך העלפן אַ קאַפּל
דערטראָגן די טאָרבע מיט ייִדישע זאַכן?
רב נתן באַשמעקט מיט די נאָזלעך דעם דברן —
ס׳איז פּאָליע — און פרעגט מיט אַ קול מיט אַ שלאַברען:

— דערציייל, האָבן אַלץ דאָ געזען דיינע בליקן?
און פאָליע: — איך האָב אין די חרובע היימען
געזוכט דורך די נאַכטיקע שעהן אַ תיקון
און ענדלעך געפונען פון אונטער די ליימען.
— וואָס האָסטו געפונען? און אָט איז דער ענטפער:
אַ באָמבע, וואָס האָט ניט באַוויזן צו פּלאַצן.
איך דאַרף זי ווי לעבן אין אונדזערע וועגט פיר,
אין אונדזערע וואַסער־געבויטע פּאַלאַצן.
און ווען מ׳האָט צוריק אין געהיימשטאָט געגנידערט —
האָט ספר מיט באָמבע געהיים זיך פאַרברידערט.

באַרנומען סמאָלענסק! די געפּאַנצערטע רוסן
פאַריאָגן דעם שׂונא צוריק און צוריקער.
דאָס ברענגט אונדז מאַטייקע אַזעטיקע גרוסן,
צוזאַמען מיט ברויט אין צעשניטענע שטיקער,
און וואַרפט עס אַריין דורך אַ גראַטע פון אויבן —
און אסתּר צי פּאָליע כאַפּט־אויף אין דער נידער.
חוץ עסנוואַרג ברענגט אונדז מאַטייקע אויך גלויבן,
אַז מיר'ן דערהערן גאָר אַנדערע לידער.
נאָך יעדער זיין קומען דערפילט מען זיך פרייער:
דער שׂונא אין וואַסער, דער שׂונא אין פייער.

אַריבער שוין עטלעכע וואָכן — ער קומט ניט.
אַהינגיין — אויף איטלעכן שפּאַן אַ זשאַנדאַרעם.
און גראָד אויף להכעיס דער הונגער פאַרשטומט ניט.
ווי גליאיקער היישעריק, אָן אַ דערבאַרעם,
פאַרשפּרייט איבער זאַנגען — באַפאַלט ער די ביינער
און גראָבט זיך אַריין מיט געפּליק און געגריזשע.
פאַרטרייבן, — דאָס איז ניט בכוח אים קיינער.
פאַרטיידיקן ס'לייב — ווי פאַרטיידיקט מען, ווי זשע?
מע קליגלט זיך לאַנג. נאָר עס קען די אַסיפה
ניט לעשן דעם הונגער מיט מיינונגען טיפע.

אַ צולאָג איז אויך וואָס דער פּרוש און אסתר,
פאַרעקשנטע, עסן נאָך אַלץ ניט קיין טרפות.
דאָ העלפט קיין געבאָט ניט, קיין שפּאָט, קיין געלעסטער.
זיי צאַפּלען ווי סטרונעס געפּלאַצטע אויף האַרפעס.
נאָר אויסער זיי ביידן איז אויכעט צעטומלט
אַראָנע, וואָס היט, אויב פאַראַנען, די שפּייזן.
ווען ס'האָבן די זשאַווערס פון הונגער, אַנומלט,
צעפרעסן די פּנימער, גראָע ווי אייזן, —
האָט יענער נאָך ערגעץ געפונען אַ לעצטע
פאַרוואַלגערטע ציבעלע, היפּש אַ צענעצטע.

מ׳איז אָבער געבליבן נשתומם בשעת ער
האָט יעדערן איינגעטיילט פּינקטלעך דעם חלק
און זיך — ניט געלאָזן. — פאַר דיר? — האָט אַ בלאַסער
אים ליפּמאַן געפרעגט, ווילסט ניט אַנדערש נאָר ביילק?
אַראָנע האָט אָבער געפּלאַפּלט: עס קאָן אים
חלילה דער ציבעלע־ריח פאַרראָטן,
אַז ער איז אַ ייד, מיט סעמיטישן פּנים,
ווען אויסקומען וועט צו אַנטלויפן ווי קראָטן
בשעת אַן אָבלאַווע. ס׳איז ניט אַזוי נאַריש:
דער ציבעלע־ריח איז עפּעס ניט אַריש.

געזען אַז מע הונגערט און ניט אויף צופּלייסן,
איז ליפּמאַן דערגאַנגען צו פּלענער אַזוינע:
דורך איינער אַ רער האַלט כסדר אין שמייסן
דאָס וואַרעמע בלוט פון דער שטאָטישער בוינע, —
און בלוט איז דאָך לעבן! ער האָט אין אַן עמער
עס אָנגעשעפּט, אויפגעקאָכט און אויף דאָס ניי עס
געקאָכט און גערייניקט באַגלייט מיט אַ זמר,
ביז אָפּגעבאַפּט האָט זיך פאַמעלעך דאָס חיות.
פאַרשמאַכט האָט עס קריינע געטרונקען די ערשטע,
דערנאָך — די ארומיקע הונגער־באַהערשטע.

אויך יענער וואָס פירט דאָ אַ פינקס, כ'מיין גדליה,
האָט צוגעטראַכט עפּעס. באַמערקט האָט דער לערער,
אַז מייז ווען זיי שווימען אַנטקעגן אַ כוואַליע
און פאַנגען דאָס פרעסעכץ פון וואַסער אַלץ מערער, —
פאַרטראָגן עס נאָכדעם אין טרוקענעם ווינקל
צו זיך אין קאַנורע. ניט מער, ווען זיי היפּן
פאַרלירן זיי אָפּטמאָל אַ ברעקל, אַ שפּרינקל,
וואָס זענען באַטעמט פאַר די מענטשלעכע ליפּן.
די שפּייז פלעגט מען שלינגען באַשלאָגן מיט שווייסן.
דער „מויזן־וועג" האָט די אכילה געהייסן.

## דער מאָרד

געווען איז ער, גדליה, אין מיטעלע יאָרן —
אַ גראָער בוטשאַן מיט פֿאַרסמאַליעטע פּליגל.
נאָר ווייל אין די שחיטות האָט ער ניט פֿאַרלאָרן
קיין מאַמען, קיין שוועסטער, קיין קינד פֿון אַ וויגל,
ווייל זינט ער געדענקט זיך געדענקט ער ניט קיינעם,
בלויז ביידעמער־שפּינען און ביכער אויף ביכער —
דעריבער האָט ער ביי די אַבל'ע שכנים
געגאָלטן פֿאַר דעם וואָס איז האַנעדריק־זיכער.
מע האָט ניט פֿאַרגונען, געקרימט זיך אין צאָרן
וואָס ער האָט קיין איינציקן פֿריינט ניט פֿאַרלאָרן.

נאָר זינט מ'איז דערגאַנגען: ער איז דער בעל־כּראָניק,
און איטלעכנס טראָט ווערט דורך גדליה'ן געוואויגן —
האָט עולם זיין גאַל שוין פאַרביטן אויף האָניק,
פון דעמלט — צום לערער זיך אַנדערש באַצויגן.
ווייל טאָמער פאַראייביקט ער שלעכטסקייט? און טאָמער
ווער שפעטער די מענטשהייט אַ מיש טאָן די בלעטלעך
און ווער ס'זאָל אַן עדות זיין איז שוין ניטאָ מער,
וועט, הייסט עס, פאַרריכטן די מיינונג זיין שפּעטלעך?
דערום איז מען העפלעך געוואָרן צו גדליה'ן,
ער זאָל אינעם פּינקס ניט שפּילן קיין תלין.

ווען ס'ברענט אין די ביינער דער הונגער ווי קוילן —
ווי קען מען זיך ווייטער מיט „מויזן־וועג" נערן?
איז גדליה'ס המצאה — דאָס ציגעלע קוילען.
און אַז די קאַנאַל־מענטשן ווילן ניט הערן —
האָט גדליה אַ בייזער געהויבן די פויסטן.
עס האָט אים דער אָפּזאָג משונה באַליידיקט:
— שוין צייט פון רחמנות־געפילן זיך אויסטאָן!
ס'האָט איינער בלויז, ליפּמאַן, דעם לערער פאַרטיידיקט,
גערעדט צו די אַכט מיט אַ ביטערן שמייכל:
— געשוואָלענע געטער, וואו איז אייער שׂכל?

דער עיקר האָט אסתּר אַ וועלט איינגעריסן
מע זאָל ניט. אויך קריינע האָט היפּשלעך געליאַרעמט:
— ניט נעמען דאָס ציגעלע אויפן געוויסן!
מע האָט זיך אויף גדליה'ס גערייד ניט דערבאַרעמט.
אויך ערב יום־כּיפּור פאַלט דורך זיין אידייע,
מע זאָל מיטן פליייש פון דער ציג זיך פאַרפאַסטן.
ס'האָט ליפּמאַן אפילו געביטן די דעה,
פון וועגן זיין קריינען ווי קען עס אים פאַסטן?
געזען אַז דער עולם איז קעגן, האָט גדליה
באַשלאָסן דערפירן צום זיג זיין באַטאַליע.

— גוט יום־טוב אייך, מתים, לשנה הבאה
בירושלים של מעלה אין פרידן!
אַזוי האָט באַגריסט צו כּל־נדרי אָט דאָ־אָ
דער לערער די נייאָנגעקומענע יידן.
דאָס זענען געוועזן די זעלביקע פּליטים —
עס טאַנצן זיי אויבעט די מייז אויפן קישן.
איצט בלאָנקעט אַ ייד נאָך אַ ייד און ס'באַגלייט אים
דער יום־טוב־גערוך פון אַמאָליקע טישן.
מיט ליכט אין די בוזעמער וואַנדערט מען, ציט מען,
צו אונדז אויף כּל־נדרי, אין גלייביקע ריטמען.

אין מיטן דער תפילה, ווען ס'טובלט זיך פייער
אין שטעכיקע טרערן ווי גלאָזיקער שפּליטער —
געשען איז דאָס אומגליק, אַ מאָרד אומגעהייער:
אַ רויטע געשטאַלט אין צעבליצטן געוויטער
אַ שפּרונג האָט געטאָן מיט אַ „מע" אומגעריכטן
צעווישן די בלייכע פאַרקיטלטע דאַוונער.
מיט פֿורפֿור באַפלעקט דעם פּרוכת, די ליכטן,
און וואָס אין דער מעשה געווען איז טשעקאַוונער, —
עס האָבן די יונגע און אַלטע מאַראַנען
קיין האָר ניט פאַרשטאַנען. די וואָר ניט פאַרשטאַנען.

אַ סברה, דער פּרוש האָט ניט אויף געלעכטער
געמיינט ס'איז דער גואל, האָט אָבער אָנשטאָט אים
דערזען ווי אַ ציג, ניט דערקוילעט פון שעכטער,
בלייבט ליגן ביים עמוד און כאָרכלט אָן אָטעם.
און גדליה, ער גליווערט מיט בליציקן מעסער
ביים שמאָלן אַריינגאַנג — אַ זייל פון אַ טעמפּל.
ס'האָט ערגעץ אַ ציטער געגעבן דער כתר — —
אַ כמאַריקייט האָט זיך פאַרקליבן אין לעמפּל.
דאָס ציגעלע גוססט אין בלוט, און צוקאָפּנס
אַ יאָרצייטליכט קאַפּעט אַרונטער די טראָפּנס.

און איידער וואָס־ווען מיט אַ שפּרונג אַ געשווינדן —
איז גדליה ביי דבורלען אַנטקעגן נר־תמיד
און קניִענדיק בעט ער: פאַרגיב מיינע זינדן!
— פאַר דיינטוועגן האָב איך געקוילעט, ווייל תמיד
מיך פּייניקט דיין בלייבקייט, דיין שיינקייט. זיי מוחל,
געוועלט דיר פאַרלינדערן, שטילן דעם הונגער.
פאַרגיב מיין רציחה, דעם פּיינלעכן שטרויכל.
און האָט זיך צעוויינט ווי אַ בחור אַ יונגער.
דאָס פאָלק איז פאַרגליווערט געוואָרן, געשוויגן,
ביז וואַנען מ'האָט ווייטער געצויגן דעם ניגון.

## באַפֿליגלטער פֿולוער

בייטאָג, ווען עס חלומט געוויינטלעך דער עולם
ביז ביין אויסגעהונגערט אין צייטס קאַטאַקאָמבע, —
איז פּאָליע פֿאַרנומען מיט שאַפֿן אַ גולם
נאָר ניט פֿון קיין ליים, — פֿון געפֿונענער באָמבע.
פֿון אונטער די גרינע פֿאַרשימלטע קליידער
אין טאָרבעלע, — האַלט ער אין מעסטן, אין שיטן,
פֿון דאָרטן דעם שטאָל־גראָען פּולווער כסדר,
כדי פֿון דער עסיקער נעץ אים פֿאַרהיטן.
ער פּיצלט פֿונאַנדער די באָמבע געוואָרנט
און ס'איז ווי דער פּולווער זיין פּנים פֿאַרצאָרנט.

דער קאָרפּוס — פּאַראַן. אַ משוגונענע רינע,
די גרייס ווי אַ פּויסט. ער באַרעכנט ·אַצינדער
צי פינקטלעך וועט געבן אַ דריק די ספּרוזשינע
דער שטאָלענער שלאָגנאָדל סאַמע אין צינדער.
ניטאָ קיין געצייג. מיט אַ פּשוטן שטיינדל
צעזעגט ער אויף צווייען אַ שטעקעלע אייזן —
פאַרשפּיצט עס פון אונטן, מאַכט אויבן אַ קריינדל, —
פון דעם וועט אַן אָנדריקער ווערן. און ס'קרייזן
מחשבות ווי לעביקע פונקען פון אַש אויף.
אַזוי נעמט באַשווערן דער יונגער מכשף:

— דו פילעוודיק אייזן, געבונדענער חומר,
דעם גאַנג פון מיין ווילן איצט מוזטו פאַרנעמען.
דו פולווער מיט פליגל, פאַרטרוי זיך דיין שומר,
ווייל וועמען דען אַנדערש פאַרטרויען זיך, וועמען?
געבונדענע קראַפט, זיך אַליין אומבאַוואוסטע,
דערהער אין דיין שטויבן־געוועב מיין באַשווערונג.
איך בלאָז אין דיר אָטעם און אויפלעבן מוזטו,
זאָלסט אין־זיך דערפילן די גלוסט פון צעשטערונג.
איך בלאָז אין דיר אָטעם, דו זאָלסט זיך באַוועגן,
דערפילן מיין מענטשלעך געבאָט און ניט פרעגן.

איך וואַרעם דיך, אייזן, ווי כ'וואָלט דאָ געהאַלטן
אַ קינד אַ פאַרפרוירנס אָן אָטעם, אָן צאַפּל,
נאָר גלייב: ס'איז נאָך ערגעץ דאָס לעבן באַהאַלטן.
איך שמעלץ מיט די ליפּן די הענט, דעם שוואַרצאַפּל,
דאָס אָפּגעשטעלט־אייזיקע בלוט זאָל זיך וועקן.
זיי וויסן, איך בין דיין געבוירער, באַצווינגער,
מיין האָפענונג מוז אין דיין פלאַם זיך אַנטפּלעקן.
און זאָלן דערפילן אין פרייד מיינע פינגער
דיין אָדערן־קלאַפּ. מיטן כּוח פון שׂנאה,
ווער לעבעדיק, לעבעדיק, הייליקע מינע!

אַזוי האָט דער מייסטער געקנאָטן, געשליפן
זיין גולם. אָן אויפהער געשטאַלטיקט, געפורעמט,
ביז וואַנען ער האָט אין די פולווערשע טיפן
אַ קערנדל בליץ פון זיין ווילן פאַרשטורעמט.
ער פילט: מיט זיין אייגענער הויט ווערט באַצויגן
דאָס אייזן וואָס וויקלט זיך אויס פונעם חלום.
ס'דערלאַנגט באַלד אַן עפן די פולווערשע אויגן
און ענטפערט מיט שאַרפן מעטאַלענעם קול אים:
— בין גרייט! און ער זוכט אינעם חלל די טראַפּן,
די ווערטער פון גולם וואָס ער האָט באַשאַפן.

# דערבאַרעמדיקער שניי

ויהי — אין אַ חודש נאָך יענעם כל־נדרי
איז גדליה פֿאַרשוואונדן. די ציג איז מסתמא
מגולגל געוואָרן אין גרוויליקער הידרע
און יאָגט זיך כסדר נאָך גדליה׳ס נשמה.
ס׳דערגייט פֿון קאַנאַל זיין געלעכטער... דער טומל
נעמט דרייען־פֿאַרדרייען די צייט ווי אַ וויזגע.
דאָס דאָזיקע אומגליק פֿאַרפֿעלט נאָך צום רומל,
מע זאָל אין געהיימשטאָט אויך ווערן משוגע!
באַשליסט מען צוזאַמען אים כאַפּן און ברענגען.
ער וועט אונדזער פֿאַלאַץ קיין סך ניט פֿאַרענגען.

ווען עולם האָט אָבער געלאָזט זיך נאָך גדליה׳ס
פּאַרמויזטן געלעכטער, געקראָכן פּירפּיסיק
דורך גלימצערדיק האַלב־שוין־פּאַרפרוירענע כוואַליעס,
וואָס נאָדלען זיך איין אין די פינגער ווי פריסיק,
בכדי אין קאַנאַל דעם גערירטן צו פאַנגען —
איז אונטערן הייליקן אָרט אָסטראָבראַמאַ,
אַנטקעגן גאָטסמוטער, דער לערער געהאַנגען
אַ נאַקעטער, ווי ס׳האָט געהאַט אים זיין מאַמע.
און ס׳פּנימל זיינס מיט די האָר אין געקרויזל —
אַ דאָרפישער שנייען־באַשאָטענער יויזל.

און ווען מע האָט איבערגעשניטן דאָס שטריקל —
איז גדליה געבליבן פּאַראַייזט און פאַרבייגלט
ווי פריער, אַזוי ווי באַגאָסן מיט ניקל,
נאָר פון זיין העוויה דער טויט האָט געאייגלט.
אַרום אים — ווי פעדערן פון אַ וואָראָנע
די בלעטער פון פּינקס דעם וועג נעמען שפּרייטן
און אויבן אין הימל די צאַרטע מאַדאָנע
טוט גדליה׳ן באַשיטן מיט שנייאיקע קווייטן
דורך שפּאַלטן פון גראַטע. — און מ׳האָט אים אָן ווערטער
געטראָגן אַהיים, צו זיין רוַ דער באַגערטער.

אָ, ווער קען פֿאַרגעסן די שטומע לוויה!
די קופּקעס באַגלייטער מיט ליכט אין די זשמוטן,
וואָס האָבן פֿון הקדשלעך אַלטע און נייע
געקראָכן, געצויגן צום אָרט צו דעם גוטן
אויף גלעזער־גאַס נײַן! ס'האָט אַהין אַ געהיימטיר
געפֿירט פֿון קאַנאַל אין אַ קעלער. און דאָרטן
אַוואו ס'איז דער באָדן אַ טרוקן־געליימטער,
געגרייט איז דער קבֿר וואו גדליה וועט אָרטן.
און יונגע, און אַלטע, און שוואַכע און שטאַרקע —
מיט פֿינגער מיט קאַלטע מע רידלט די קרקע.

מקבר געוועזן האָט דער פּרוש. בעת־מעשה
געקווענקלט זיך שטאַרק: ס'איז אַן אַנדער מין שטאַרבן,
ווען עמעצער טוט זיך אַליין אָן אַ מעשה.
נאָר שפּעטער געביטן דעם משפּט דעם האַרבן:
ווען מענטש איז געריכט איז דער צאָרן בחינם.
דערוויל האָט אַ ייד פֿון אַ נאָט אין פֿאַזוכע
אַרויסגעשלעפּט ארץ־ישראל זאַמד גרינעם
און גדליהן באַשיט, ער זאָל האָבן מנוחה.
דערנאָך, ווי דער כּבֿוד המת טוט געבאָטן —
האָט איטלעכער שאָטן — געשאָטן, פֿאַרשאָטן.

און ווען ס'איז געפֿאַלן דער אל מלא רחמים —
האָט עמעץ פֿאַרפֿלאַנצט אינעם קבר אַ ברעטל,
וואָס גליווערט ביז היינט ווי אַ כמוריקער וואַכמאַן:
פ. נ. גדליה זאַלקינד. געבוירן אין זשעטל.
געשטאָרבן אין יאָר... ווען געווען איז דאָס לעבן
אַן אָפּקום, דער טויט — אַ גענאָד פֿונעם הימל.
זיין אָנדענק אין גליקלעכע טעג זאָל זיך וועבן,
און ווער עס וועט קומען — זאָל ברענגען אַ בלימל.
מיין פֿריינד, אויב דו ווערסט דאָ פֿאַרוואָגלען אַ פֿרייער —
לאָז איבער אַ בלימל, עס קאָסט דאָך ניט טייער.

צוריק פון לוויה

צוריק פון לוויה צעפרווירן, צעטומלט,
האָט עולם דערשפּירט עפּעס גאַז... דאָס האָט קענטיק
אַ גאַז־רער געפּלאַצט פון די קעלטן אַנומלט!
און פּאָליע האָט טאַקע דערטאַפּט אייגנהענטיק
די רער. אויפן מויל מיט אַ טוך מיט אַ נאַסער —
מיט לייזמיקס פאַרליאַפּעט די שרעקלעכע שפּאַלטן.
ס'האָט ליפּמאַן אים שפּעטער געמינטערט מיט וואַסער,
ווייל פּאָליע ער האָט זיך קוים־קוים שוין געהאַלטן.
האָט אָבער געצויגן דורך ציינערשע קריצן:
— דער גאַז וועט נאָך אפשר אַמאָל אונדז באַשיצן.

דערווייל האָט דער גיפטיקער אָטעם, אומזעאיק,
צעזעגט די געהיימשטאָט, די שטיינערנע, דיקע.
געוויזן די שאָטנס אויף וואָס ער איז פעאיק,
פאַרזויערט דאָס קוואַליקע וואַסער בשתיקה.
און איידער די דרויסן־לופט האָט אים פאַרשלונגען
איז ער אויף די פליגל פון טייוולס געלעכטער
פאַמעלעך, פאַמעלעך אין דבורלען געדרונגען.
עס האָט ניט געהאָלפן דער דאָקטער, דער וועכטער...
נאָר לאָמיר דעם גאַז ניט באַזינגען אין סטראָפן,
אַזויפיל נאָך דאָ צו דערציילן, צו האָפן!

## קאָפּל דער שמידער

געשטאָרבן איז גדליה. נאָר מיר זענען ווידער
אַ פֿאָלק זאַלבעצענט. ווייל בשעת דער לוויה
אַן אורח האָט אָנגעשפּאַנט: קאָפּל דער שמידער,
געפֿונען ביי אונדז אַ משפּחה געטרייע.
ס׳האָט פֿאָליע מיט אים זיך באַזונדערס געבריידערט,
געוויזן די מינע, דערציילט זיינע פּלענער.
און קאָפּל מיט קאָפּ די סטראַטעגיע צעגלידערט,
ער ווייזט זיך אַרויס פֿאַר אַ פֿאַכמאַן, אַ קענער.
אויך דבורל האָט פֿיינט זיך צו האַלטן ביינועגיק
און עצה׳ט אין הילכות מאָדערנע סטראַטעגיק.

ער קומט פון די נאַראָטשער וועלדער... אַנטרונען
פון שטעטלשן געטאָ מיט בראַנד אויף די קליידער,
נאָר ביטערניש אויך אין די וועלדער געפונען.
די רייסיקע לאַטע האָט נאָכגעשוועבט, ליידער!
עס האָבן אים אַ נ ד ע ר ש באַגעגנט די טייכן,
פאַרפרעמדט האָט געשאַרשעט די נאָנטע בעריאָזע,
צום פייערל מינדסטן ער קען זיך ניט גלייכן.
די ווערבע האָט עפּעס געביטן איר פּאָזע.
אַפילו די זשאַבעס, די זשאַבעס, — ניט זיינע,
נאָר האָב צו די נאַראָטשער זומפּן אַ טענה...

אַנטווישט, מיט צעשמאָלצענעם בליי אין מחשבה
האָט קאָפּל דער שמידער צוריק זיך געלאָזן
געפינען אַ ייִד, נאָכן קלאָג פון דער סאָווע.
געקומען אין ווילנע, וואָס יתומ'ט אין גראָזן.
אַ פּאָליאַק האָט קאָפּלען דערציילט אויפן אויער,
אַז טויזנטער אייערע „זשיאָן וו'קאַנאַלאַך" *.
איז קאָפּל אַראָפּ צו דערפאָרשן געגויער,
געוואָגלט אין חושך אַ לאַנגן מהלך,
ביז וואַנען געפונען די יידן־מלוכה,
און, משטיינסגעזאָגט, אויבעט די יידן־מנוחה.

* לעבן אין די קאַנאַלן (פּויליש).

# פאַרביטן אַ גאָט

אָן כוח צו גיין, ווי צעריסענע זעגלען,
פאַרזונקען איז איינער אין אָפּגרונט פון צווייטן.
איז ליפּמאַנס אַן איינפאַל געווען, מע זאָל פּרעגלען
די ציגענע פעל און אַ וואַרעמעס גרייטן.
און טאַקע דער דאָקטער אַליין האָט מיט חשק
צעשניטן די פעל, זי געווייקט און געשונדן.
דער אָפּטעם געווען איז האַמעטנע־פּליישיק,
אַ זיבן מעתלעת פון דער צונג ניט פאַרשוואונדן.
עס האָט זיך געשוואוירן אַ חשובער עסער,
אַז בירגער אויף יענערוועלט שפּייזן זיך בעסער.

מיט אונדזער אַראָנען האָט דענצמאָל געטראָפֿן
אַן אויסגליטש אַ ביטערער, שאַנד פֿאַר די מענער!
עס האָט פֿון זיין אַרבל ביים לייגן זיך שלאָפֿן
אַ קייקל געטאָן זיך אַ גאָלדענער צענער.
פֿאַרשעמט האָט דאָס גאָלד אויף דער ערד זיך געריטלט,
געוואָרפֿן אַ גיריקן אָפּשיין אַ ראָזן.
אַראָנען — ווי גאָרנישט. די ליפּן פֿאַרקייטלט —
געשווינד נאָכן קייקעלע גאָלד זיך געלאָזן.
געכאַפּט אים ווי ס'כאַפּט זיין געפֿאַלנס דער יעגער
און ווידער פֿאַרקראָכן אין סטויג פֿון געלעגער.

נאָר איינשלאָפֿן — מער ניט געהאַט שוין די זכיה.
מע האָט אים באַרינגלט מיט ווערטער ווי דלאָטן,
דעם חלום אַרויסגעהאַקט הינטער זיין וויִע
און תיכף דעם האַמבורגער פּליט געבאָטן
באַשיידן, ווי קען זיך אַ מענטש דאָס פֿאַרגינען
זיין גאָלד צו פֿאַרקניפּלען, ווען יעדער אין פֿרייוויל
געגעבן האָט אים זיין פֿאַרמעגן, ס'זאָל דינען
צו איינקויפֿן עסנוואַרג. ווי זשע, צום טייוול,
באַהאַלט מען אַ גאָלדשטיק אַזויפֿיל מעתלעתן
ווען בייטן מע קען די מטבע אויף עסן?

נאָר דאָ האָט אַראָנע זיך וואַזשנע געמעכטיקט,
פאַרהויבן דעם קאָפּ אָראַטאָריש און פלייסיק
אַרויסגעלייגט לשון, זיין טועכץ באַרעכטיקט:
— ס׳איז שולדיק אַן אַנדערער... ס׳יאָר דרייאונדרייסיק,
די ערשטע פאַרשאָלטענע שטיינער אין שויבן,
דערנאָך — דער געשליידערטער שפּיז אין מיין ראַסע,
די שאַנדיקע לאַטע, די קלעפּ, דאָס באַרויבן.
כ׳האָב דעמלט פון גאָרן פאַרמעג אין דער קאַסע
באַוויזן בלויז נעמען אַ צענדליקל צענער,
זיי זאָלן צעשמעלצן די פיינדלעכע פּלענער.

די דייטשקע — מיין פרוי, אַ דערשראָקענע ענטל —
אַנטלאָפן, בשעת דער שטורמיסט האָט געטריבן
פון אייגן געשעפט. מיטן קינד פאַרן הענטל,
אַ דאַנק דעם געפינקל פון גאָלד, זיך דערקליבן
קיין עסטרייך. פון דאָרטן אַנטלאָפן קיין פוילן —
ביים גרענעץ האָט ווידער אַ ווייל מיר געהאָלפן
דאָס שטיקל מעטאַל. ניט דערוואַרעמט די זוילן,
צוריק האָט ביים האַלדז מיך געפאַנגען אַ וואָלף — און
געביסן דעם גאָרגל. דער גאָלדענער צויבער
האָט אויסגעלייזט אָבער־אַמאָל מיך פון רויבער.

און ווען איך פֿאָנאַר מ׳האָט באַפֿוילן זיך אויסטאָן,
אַוועקגעבן ערב דערשאָס יעדער שפּרינקל,
באַגלייט דורך אַ האָגל נאַגייקעס און פֿויסטן —
דערמאָנט כ׳האָב זיך דעמלט דעם גאָלדענעם פֿינקל
און עטלעכע גאָלדשטיק פֿאַרשלונגען ווי פּילן.
און ווען כ׳האָב זיך אויפֿגעכאַפּט אונטער הרוגים —
געזוכט איך מיין מיסט און געפֿונען. דער ווילן
צו לעבן — ער לעבט! נאָר דער טויט — ניט גענוג אים, —
אויפֿסניי מיך געפֿאַנגען, געטריבן צום שייטער.
אַ בלענד מיט אַ גאָלדשטיק — זיך אויסגעקויפֿט ווייטער.

געבליבן ביים לעבן. טאָ זאָגט, קאַמעראַדן,
ווי קען איך מיין אײנציקן שיצער פֿאַרהאַנדלען?
צי האָב איך באַהאַלטן דאָס גאָלד פֿאַר אַ נדן?
איך האָב דאָך ניט קיינעם! קען אַנדערש ניט האַנדלען.
דער האַמבורגער פּליט האָט אויפֿגעהערט ריידן.
צוויי טרערן ווי טריוואַקס פֿאַרזיגלען דאָס מויל אים.
און הויקערדיק־שווער איז געוועזן צו באַשיידן
זיין רייננוואַשן־זיך דעם ארומיקן עולם.
בלויז איינער, דער פּרוש, פֿאַרזשמורעט אַן אייגל:
— דעם גאָט פֿון ישראל פֿאַרקויפֿט פֿאַר אַן עגל!

צומאָרגנס פֿאַרטאָג איז דער האַמבורגער פּליט
אַנטלאָפֿן אין שטאָט. ניט געזאָגט קיין „אַ גוטן".
צי האָט מען אים צופֿיל פֿאַרשעמט און פֿאַרזאָליעט?
צי האָט ער אַן אומגליק דערשמעקט, — זײַן מחותן?
ווייל זינט עס האָט פֿאָליע גענומען זיך פֿאָרען
מיט פּולווער — האָט ער אים געווייכט ווי אַ שריק.
און אפשר איז אַלצדינג אַ ליגנערשער צאָרן,
דער פֿאַל מיטן גאָלד — ביי דעם פּליט אַ תּירוץ
אויף קענען אַנטלויפֿן? כּדי ניט באַדאַרפֿן
דעם תּלין די לעצטע מטבע צו וואַרפֿן?

דאָס טאָגיקע אָפּגאָלד אין נאַכטיקע שנייען —
ווי פּראָסטיקע פונקען פאַרזיגלט אין געגנט.
ביים ברעג פון אַ יאָדלעװאַלד גייען זיי, גייען
צום ערשטן מאָלביידע. די רחבות באַגעגנט
מיט אָפענע אָרעמס. און ווי אַן אָרקעסטער
זיי שלינגען די פרישקייט. ביז וואַנען זיי ווערן
די רחבות אַליין! אין אַ קעלט אַ פאַרפרעסטער —
ווי קוילן אין אויוועלע — וואַרעמען שטערן.
עס האָט נאָך קיין שניי ניט דערפרייט אַזוי גוואַלדיק
ווי דבורלען און פּאָליען וואָס לויערן וואַלדיק.

זיי שעמען זיך אָנצוזען איינער דעם צווייטן,
בלויז פינגער אין פינגער זיך פלעכטן. די מינע —
ביי פּאָליען אין בוזעם. ער וועט זי באַלד גרייטן.
די ליבשאַפט פון איין זייט, פון צווייטער — די שׂנאה,
באַמערקט ער ניט דבורלס אַ בליק, וואָס זי האָט אים
אַרויסגעגליט זייטיק. אין בלענדיקער קרירה
עס וואָגלט פּאָרויס, ווי די בענקשאַפט, איר אָטעם,
און טרעפט זיך, באַהעפט זיך מיט זיינעם. אויף אירע
צעעפנטע ליפּן אַ שנייעלע־שנייכל
זעט אויס ווי אַ דימענט אין רינג פון איר שמייכל.

די שטערן — געפאַנגען אין שנייאיקן שפּיגל.
די לופט — אַ געשליפענער זילבערנער חלף,
צעשניידט האָריזאָנטן. און אָט ביי אַ היגל,
דורך צווייגן־געפלעכט, גיט אַנטקעגן אַ שטראַל־אויף
אַ רעלס אַ געזילבערטער. איצטער זיי שליטלען
אַראָפּ אין אַ נידערונג, הילן זיך ביידע,
מע זאָל ניט באַמערקן, אין שנייענע קיטלען
(ס'דערמאָנט — ווי אום פּסח אין ווייסן דער זיידע),
און שטיל. אַז די שטילקייט וואָס וועבט די לעגענדע
זאָל גאָרניט באַמערקן, זאָל גאָרניט דערזען דאָ.

ער שמעלצט מיטן מויל דעם פֿאַרפֿרוירענעם באָדן
וואָס אונטערן קלעפּיקן רעלס. אין אַ ווײַלע —
שוין לאָקערט די מינע אין גריבל פֿאַרלאָדן,
באַשאָטן מיט שניי. עס איז איצטער די שאלה,
צי ס׳נענטערט אַ באַן. זײַ דערקלעטערן דעמלט
צוריק צו דעם היגל, צום וואַלדיקן באָרטן.
אין סימן פֿון זייערע שאָטנטריט פֿלעמלט
די שטילקייט. קיין צווײַגעלע קרעכצט ניט. און דאָרטן —
פֿאַרגעסן די מײַז, די קאַנאַלן, עינויים, —
דערוואַרט מען, ס׳זאָל ווערן דער אויפֿרײַס מקוים.

עס ציט זיך אַ שנירל פֿון ביידנס געדאַנקען
אַהין צו דער מינע. דאָס שנירל גיט איבער
אַ תּפֿילה, אַ מענטשלעכן ווילן. עס בלאַנקען
פֿון ווײַטן די רעלסן. אַ שעה גייט אַריבער,
און — גאָרניט. נאָר באַלד נעמט זיך טראָגן אַ סאָפּע.
דאָס שנירל גיט איבער אַ פֿונק צו דער מינע,
דער פֿונק ווערט אַ פֿלאַם, און די „נײַע אייראָפּע" —
צעשפּרינגט ווי אַ טאָפּ אין געצונטערטער שׂנאה.
אַ בוים שיט אַרונטער זײַן צירונג אויף ביידן,
און ליפּן אויף ליפּן פֿאַרבײַטן דאָס ריידן.

# אין נאָמען פון וואַלד

צוריקוועגס דורך שנייאיקן, וואַלדיקן שווייגן,
געזעטיקט מיט שׂנאה, פֿאַרהונגערט מיט ליבשאַפֿט
ווען פֿאָליע האָט דבורלען געקושט אונטער צווייגן
און זי — אים געצערטלט אין ליבער פֿאַרקניפּטשאַפֿט, —
האָט אָנגעיאָגט פֿון דער לבֿנה אַ רייטער:
— וואוהין אין דער נאַכט? און אַ שפּרונג פֿונעם זאָטל
פֿאָרויס מיטן שפּייער: פֿון וואַנען, ווער זייט איר?
פֿון וואָסער בריגאַדע? ניט געבן קיין טראָט! — —
נאָר ווען ס'האָט דער פֿרעמדער גערעדט אַזוי פֿלאַמיק,
האָט פֿאָליע דערקענט אים: דער בלאָנדער אַדאַמעק.

דערנאָך אין זעמליאַנקע, ביים פּאָספּאָרנעם בראַנפן —
צעאייגלען זיך גיפטיק די טעג וואָס פאַרגאַנגען.
אַדאַמעק דערציילט וועגן ביטערע קאַמפן
און אַז מ׳האָט זיין טאַטן געכאַפּט און געהאַנגען
פאַר דורכשטופן ברויט דורך אַ גראַטע. — — — אַ דודע
צעשפּילט זיך אין ווינקל, פאַרוועבעט און טרעריק.
און פאָליע ער ענטפערט אין מיטן דער סעודה:
— דערפאַר האָט מען היינט זיי באַצאָלט ווי געהעריק.
די שריפה געזען? דאָס האָט דבורל, זיי וויסן,
דעם פיינדס עשאַלאָן אין דער לופטן צעריסן!

— איך וועל ראַפּאָרטירן אין שטאַב, איך וועל מעלדן.
פאַרפילט ער די גלעזער, אַדאַמעק. מע וועט אייך
געדענקען, דערמאָנען ווי אמתע העלדן.
פאַרבלייבט אין זעמליאַנקע, חברים, איך בעט אייך.
נאָר דבורל אים ענטפערט: — מיר קענען ניט לאָזן
די נאָנטסטע. זיי וואַרטן אויף אונדזער צוריקקער.
אַצינד — ניט געחלומט, אין וועג זיך געלאָזן,
ווייל שפּעטער אַ ווייל קען מען ווערן צו־שיכור.
מיט ברויט און קאַרטאָפל האָט פאָליע און דבורל
געלאָזט זיך אין וועג, ווי געבונדן צום גורל.

— אין נאָמען פון וואַלד — איז פאַרשפּרונגען זייביידן
אַדראַמעק — אָט האָט איר אַן אָרדן: דעם שפּייער.
דער וואַלדמענטש באַגלייט זיי. און פאַרן צעשיידן
באַשטימט מען אַ טרעפונג. דורך זילבערנעם פייער
מאַרשירן געאָרעמט די צוויי דיווערסאַנטן.
די פּאַנצער־לבנה גייט נאָך זיי פּאַרטייעט.
פאַרגלייבט אין דער זויבערער וואַלדיקייט שפּאַנט׳ן
צו ברענגען אין דר׳ערד די צעשטערנטע פרייהייט.
און הינטער זיי ביידן עס גליען נאָך, בלאַסן
פון באַן דעם פאַרברענטן די פּאָמסענע פאַסן.

# מזל־טוב

ווען איבערן טייך פליִען דאָרשטיק די שוואַלבן,
באַרירן זיין פלאַך מיט די בייכעלעך ווייסע, —
ווער ספּקט, אַז ערגעץ אין וואָלקנשע פאַלבן
דערנענטערט זיך אומגעזען שטורעם בעת־מעשה?
מיר האָבן דאָך אַלע געריכט זיך מעתלעתיק
אַז קריינע, די טראָגיקע פרוי, ווערט געבוירן.
פאַרוואָס איז צעגאַנגען ווי פּערל אין עסיק
די כלומרשטע רו, און מיר האָבן פאַרלוירן
די גלייכוואָג, ווען זי האָט גענומען צעוויגן
די אייביקע זיילן פון וועלט מיט איר ניגון?

אַ זעלטענע קראַנקייט ביי קריינען: כסדר
איר דאַכט, ס'איז אַ גלאָזיקע ערד. און דער שונא, —
פון וויטן אַפילו, ער זעט וואָס אין חדר.
ניט דווקא די ערד. אויך פון גלאָזן אַזוינע
איר חלום. ניטאָ קיין באַהאַלט פאַר די בילדער
וואָס צאַפּלען אין טורמע, געשמידטע ביים נעכטן.
זיי רייסן די קייטן אין ברומעניש ווילדער
און לעבן אין איר מיט אַ לעבן אַן עכטן.
פון גלאָז אירע ווערטער, פון גלאָז די נשמה,
און עמעצער זעט די געדאַנקען מסתמא...

פלעגט עמעץ זי פרעגן: דער מאַן אירער — לעבט ער?
איז שטענדיק געווען אַ תשובה דעם פרעגער
אַ ביטערער שמייכל, פון גאַל אַ געוועבטער.
אַצינדערט, אויף איר עשאַפאָט פון געלעגער,
די האָר ווי אַן עק פון אַ פאַווע צעלאָזן,
דערציילט זי פאַר אַלעמען: ניין, כ'האָב אים קיינמאָל
ניט אָנגעזען. דאָרטן, צעלייגט אויף די גראָזן,
ביים רויש פון אַ ווייסן צעפרילינגטן ביימל,
האָב איך מיט פאַרמשפטע יידן אַ קופּע
געוואַרט, אַז דער טויט זאָל אונדז שפּרייטן זיין חופּה.

פאַרטאָג. פון די פעלדער קומט ריח פון היישניט.
מע שלעפט פון דער קופע צום קלעפיקן גראָבן.
איך וואַרט אויף מיין אומלעבן, פיל שוין מיין פלייש ניט,
אַ מעסער אַ טעמפער די געגנט נעמט שאָבן!
נאָר דעמלט, פאַרשפרונגען איז מיר ווי אַ חיה
אַ ליבשאַפט־באַגער און געמאָנט זיין דערפילונג.
אַ ליבשאַפט נאָך שטאַרקער פון אומקום, אַ נייע.
געמאָנט אין מיין לעצטקייט אַ קילונג, אַ שטילונג.
און איך האָב אָן זינען געמאָנט און גערופן,
אַ מאַן אַ געליבטן צעווישן די גופן.

און ערב דעם זונאויפגאַנג, ווען אויף די זעמדער
געפאַלן איז טוי, — האָב איך יענעם געפונען.
— טרינק־אוים מיינע ליפן, דו ליכטיקער פרעמדער,
און שעפ מיך אַרויס, ווי מע שעפט פון אַ ברונעם
אַרויס די לבנה. כ׳וויל אויסער דער לאַטע
אויך מיטנעמען תענוג אין טויטן זכרון
און קומען אין קבר אַ זאַטע, אַ זאַטע,
אַ זאַטע מיט ליבשאַפט אויב ניט מיט קיין יאָרן.
די לופט האָט געגוסט. נאָר אונטער די קוילן
עס האָט מיר אַ כוח צו ליבן באַפוילן.

און ער, וואָס געבליבן פֿאַרהוילן זיין נאָמען, —
ער האָט מיך געקושט מיט אַ גרויזיקער צאַרטקייט,
אין לייב מיר פֿאַרשמאָלצן אַ געטלעכן זאָמען
אַזוי ווי איך האָב עס געמאָנט אין דערוואַרטקייט
מיט אויגן פֿאַרמאַכטע אין פֿריידיקן פֿיבער.
קיין וואָרט ניט גערעדט און זיין בליק ניט באַגעגנט.
דערנאָך האָבן הינט אונדז געשלעפּט אין די גריבער
און ס'האָט זיין צעשאָסענער גוף מיך באַרעגנט.
נאָר קענטיק דער טויט אין דער שטאָלענער שחיטה
האָט מער אויף מיין גוף ניט געהאַט שוין קיין שליטה.

ס'האָט ליפּמאַן פֿאַרדינט די געהויבענע מצוה
פֿון אָפּנעמען ס'קינד. און ווען קריינע האָט ברוזיק
דערציילט איר געשיכטע, געצאַפּלט אין היך־ווייי,
האָט ליפּמאַן געטראָגן מיט פֿרייד אויף אַ שטרויזאַק
אַ לעבן... דער עולם אין שטומען באַרינגל
האָט אָנטייל גענומען אין גליק, אינעם ליידן.
— אוי מזל־טוב, יידן, אַ יינגל, אַ יינגל,
און טאַקע געבוירן אין העמדל פֿון זיידן!
און עולם אים בענטשט ווי אַ ליכט ביי הבדלה:
— דאָס קינד זאָל דערלעבן דעם שונאס מפּלה!

די וועשערין דבורל שוין זאָרגט עס זאָל שטענדיק
דעם דאָקטערס כאַלאַטל, פאַרוואָגלט אַהער דאָ,
זיין ריין ווי אַ שטערן. וואָס ריין? ממש בלענדיק!
עס פאָדערט אַזוי די דאָקטאָרישע ווערדע.
ער האָט דעם כאַלאַט, ווי אַ פרומער זיין טלית,
געכאַפּט ווען די שטוב האָט געפאָכעט אין פלאַמען,
און דאָביים געשווים, אין די שוימיקע כוואַליעס, —
געטראָגן אין מויל מיטן מעסער צוזאַמען.
איז טאַקע דאָס בלאַנקע כאַלאַטל אים הייליק
און ער מיטן בגד — כמעט אומצעטיילק.

פאַרשטעלט מיט אַ שפּאַנישן װענטל, אין רײנעם
געפּרעסטן כאַלאַט, װי אַמאָל אין שפּיטאָל־צײַט —
באַװײַזט ער זיך גאַנצענע טעג ניט פֿאַר שכנים,
אױך דעמלט װען גרײט איז דער טיש מיטן מאָלצײַט.
ס'איז ליפּמאַן פֿאַרטאָן אין זײַן לאַבאָראַטאָריע.
מעתלעת נאָך מעתלעת מיט עקשנות און ליבע
אַנטװיקלט ער דאָרטן אַ נײַע טעאָריע
פֿון ייִדישע אַנטי־טאָקסינען, — די סיבה
הלמאַי אונדזער גוף איז געפּאַנצערטער, גרײטער
אַקעגן פֿאַרשײדענע קרענק װי אַ צװײטער.

נאָך ליפּמאַנס טעאָריע קומט אױס, אַז מיר האָבן
אין משך פֿון טױזנטער יאָר נע־ונדע
אױף בײדעם, אין קעלער, געשאַפֿן מיקראָבן
אַקעגן מגפֿות, און יענע אַװדאי —
באַפּאַנצערן ס'פֿאָלק. עס איז גאָר ניט קײן מיסטיק.
ער שרײַבט דאָ אַ ביכל און פּרוּװט עס באַגרינדן
אױף סמך פֿון באַטראַכטונג און קאַלטער סטאַטיסטיק
אין געטאָ, צװישן די מחנות געזינדן.
דער פֿלעק־טיף, למשל, האָט גאָר קײן ממשלה
כמעט ניט געהאַט אין די געסלעך די שמאָלע.

פאַרטאָן איז אויך ליפּמאַן אין זוכן אַ תרופה
אַקעגן געשווילעכץ וואָס האָט אונדז באַשלאָגן,
מאַכט עקספּערימענטן אויף אייגן לייב גופא,
פאַרגלייכט אין זכרון מיט הונדערטער פּלאָגן
און גיט אויף לאַטיין עס אַ נאָמען, אַ שטייגער:
.Nephritis Canalica אָבער אַ נאָמען
איז ווינציק. און ווי ער דערוויסט זיך דעם זייגער
ביינאַכט, ווערליק מויזן־געפּייף אין די שטראָמען —
דערוויסט ער זיך אויך פון דער קראַנקייט די סיבה:
דער B ־וויטאַמין איז אונדז נייטיק אַכיבע!

און ליפּמאַן גייט ווייטער: אַזוי ווי עס קוואַלט דאָ
אַ שטראָם פון אַ ביר־ברייערײַ, — וועט ער טויגן
דעם B ־וויטאַמין צו באַשאַפן. און באַלד־אָ —
ער לאָזט זיך אַוועק וואו עס טראָגן די אויגן
געפינען דעם אָפּשוים. און אויף פּאָהוליאַנקע
(מע רופט דאָ די גאַסן ווי אויבן) געפינט ער,
גרייט צו ווי געהעריק, און ס׳ווערן די קראַנקע
ביי יעדער מאָל טרינקען — געזינטער, געזינטער.
דער דאָקטער איז ווערט אַז מע זאָל אים באַקריינען!
זיין אויסגעפינס האָט אים דערהויבן ביי קריינען.

עס וועט שוין פאַרבלייבן אַ סוד ניט צו לייזן
פון וואַנען דער פיינד האָט דערוואוסט זיך די ערטער
אַוואו אונדזער היים איז. די דאָזיקע בלייזן
עס וועלן ניט קענען פאַרפילן קיין ווערטער.
קען זיין, ס'האָט אַ שייכות מיט הענגען מאַטייקעס,
אַראָנעם אַנטלויפן. קען זיין, עס האָט אויבן
דערגרייכט אַ געוויש. ווייל דאָס מינדסטע געשריי קען
די גאָרע געהיימשטאָט פאַרראָטן, באַרויבן.
און מעגלעך איז אויך: דורך אַ גראַטע, אַ שפּאַרע,
האָט אויבן דערקלעטערט אַ מענטשישע פּאַרע.

פון מויז־הימלען ווייכע גייט־אויף דער באַגינען
אין גליטשיקע, פּראָסטיק־באַרעמטע קאַנאַלן.
מיר זענען — פון שטורעם פאַרטריבענע בינען —
אויף אונדזערע האַרטע געלעגערס געפאַלן.
און ווי ס׳האָט אַ לצ׳ל אַהינטערן אַפּל
געעפנט דעם פאָרהאַנג פון רויזיקן חלום —
דערלאַנגט דער אַליאַרעם־גלאָק הילכיק אַ צאַפּל
ווי ראָסטיק צעשפּרונגען וואָלט ערגעץ זיין שטאָל אים.
צעפּאַלמעסט די שטילקייט, דעם קלעפּיקן דרעמל
און פאַנגט אין אַ שטאָלענעם קרייז דאָס געזעמל.

און איידער וואָס־ווען, האָט זיך דייטלעך דערטראָגן
אַ צאָקן פון שפּירהינט, געווירצט און געוויקלט
מיט דייטשע באַפעלן, און הינטער די ראָגן
אַ שאָס אין מיליאָניקע עכאָס צעשטיקלט.
און פאַר אַ פּראָזשעקטאָרס באַוועגלעכע בלענדן
עס יאָגן סאָלדאַטן אין מאַסקע און העלעם
אַהין, וואו די גיפטיקע שפּירהינט זיך ווענדן.
זיי שאָטענען, קריכן פאָרויס, ווערן נעלם
און ווייזן זיך ווידער. אין אונדזערע מיילער —
פאַראַייזיקט דאָס לשון ביים הערן די קיילער.

— צו גלעזער־גאַס ניין! דורכן סאַמע געדרייטן
און שמאָלן קאַנאַל! — גיט אַרויס אַ קאָמאַנדע
די מיטוואויגער פאַליע. און איינער דעם צווייטן
העלפט מיט. זענען אַלע, דער עיקר, פאַראַן דאָ?
ס'יאָגט ליפּמאַן, פאַרפאַנצערט דאָס קינד אין זיין פאָלע.
דער בלינדער און קריינע פאַרנעמען זיך נאָך אים.
און דורך די שטאַכעטן פאַרזשאַווערטע, שמאָלע, —
די זון גרינט אַריין אין צעגלימצערטע שטחים.
דאָס ליכט פאַרמשוגע'ט די מייז מיט די לויפער
און שפּירהינט פאַרוואָיען דעם חלל אָן אויפהער.

ס'איז פאָליע געבליבן צו שיצן — דער לעצטער,
ביים אָפּצווייג פון ברייטן קאַנאַל מיטן שמאָלן.
ער ליגט אינעם וואַסער־געפּריר אַ פאַרנעצטער,
געגרייט מיטן שפּייער דעם פיינד צו באַצאָלן,
ווען יענער וועט פּרואוון אַהער זיך פאַרקערווען.
דערביי איז אויך דבורל און קאָפּל דער שמידער.
און פאָליע מיט קאַלטע פאַרשטאָליקטע נערוון
ער ענטפערט מיט קוילן אַ צווייטן מאָל, ווידער,
בשעת די געשטאַלטן אין מענטשלעכן אויסזען
פון זייטיקע ווינקלען דערקריכן, דערפּויזען.

אַ ווײַלע איז שטיל, נאָר די שטילקייט צעגראַבלט
אַ שפּירהונט, וואָס קענטיק באַלוינט מיט אַ קויל איז.
און באַלד פֿון אַנטקעגניקן אויסבייג עס מבול'ט
מיט פֿײַער צוריק. און פֿאַרחיה'טע קולות
דערטראָגן זיך נענטער. — אַנטלויף און געשווינדער —
זאָגט פֿאָליע צו דבורלען, — פֿאַרזאַמל דעם עולם,
גיב אַכטונג עס זאָל ניט פֿאַרבלאָנדזשען דער בלינדער,
און אַלע — אויף גלעזער־גאַס, אויפֿן בית־עולם!
זי האָט ניט געוואָלט. נאָר זײַן בליק האָט באַפֿוילן,
ערשט דעמלט אַנטרונען בײַם אָפּגלאַנץ פֿון קוילן.

אַצינד, ווען געבליבן איין קויל, האָט זיך פֿאָליע
דערמאָנט אָן דער גאַז־רער. מיט קאָפּלען צוזאַמען —
דערשאַרט זיך אַהינצו אָן אָטעם, פֿאַוואָליע.
און איידער דער פֿײַנד האָט באַוויזן פֿאַרצאַמען
דעם וועג — שוין געעפֿנט דעם גאַז בחיפּזון!
פֿון שפּאַלט האָט גענומען זיך ציִען אַ נעפּל
אין קרייזעלעך גראָע, דערנאָך זיך געלאָזן
אין ווײַטער געהיימשטאָט, אַ טרעפּ נאָך אַ טרעפּל.
די לופֿט האָט געזויערט. און ביידע חברים —
זיי האָבן דערווײַטערט זיך פֿון די מערדיירים.

— אַ שװעבעלע! בליציק האָט פּאָליע געצונדן
אַ שטיקל פּאַפּיר, עס געלאָזן אין סימן
פֿון יאָגיקן שטראָם. װען ס׳פּאַפּיר איז פֿאַרשװאונדן,
צו אָפֿענער גאַז־רער געגומען דערשװימען, —
האָט פּלוצים אַ הײב זיך געטאָן װי אַ כװאַליע
אַ פֿלאַם. און בעת־מעשׂה איז פּאָליע אַנטלאָפֿן
מיט קאָפּלען אַהין צו דעם קבר פֿון גדליה, —
אויף גלעזער־גאַס ניין, װאו דער װעג איז נאָך אָפֿן.
דאָרט האָט זיך מיט גלויבן דער עולם פֿאַרמויערט
און הינטער דער װאַנט אויפֿן שׂונא געלויערט.

אויף גלעזער־גאַס נײַן, אויפֿן קליינעם בית־עולם
האָט אסתּר געפֿונען איר מקום מנוחה.
(אויף זעלביקן אָרט איז פֿאַראַנקערט דער עולם
פֿון זינט דער מהומה, געלאַף, זאָווערוכע).
באַקומען אַ שטויב פֿון גראַנאַט אינעם שאַרבן,
איז אסתּר געפֿאַלן: באַוויינט מיר ניט, מילא.
זי האָט נאָך באַוויזן אַ פֿונק פֿאַרן שטאַרבן
צו אָפּגעבן דבורלען איר אַלטע פּאַטשיילע.
אַצינדער איז אסתּר אַ בערגל ניט מערער,
אַ הויקערל ערד לעבן גדליה דעם לערער.

ווי אומהיימלעך־ליב ס'איז צו וואוינען מיט טויטע!
באַנעמסט ניט דעם חילוק פֿון דיר ביזל יענע
וואָס לעבן זיך אונטער די בערגלעך די רויטע.
ס'פֿאַרגינט זיי ניט אָבער די צייט, די היענע,
און גריזשעט ביז וואַנען עס בלייבן סקעלעטן!
און שטענדיק עס דאַכט, ווען דו עסט ביי די קבֿרים,
אַז אויכעט די טויטע, פֿאַרהונגערטע בעטן
אַ קרישעלע ברויט און זיי שטרעקן אַן אָרעם.
נאָר וויפֿל אַקרייעצן זאָלסט זיי ניט געבן —
וועט מער זיי ניט זעטיקן קיינמאָל דאָס לעבן.

אַ לויב צו דער שפּין, וואָס האָט גריילעך אַ שטילע
געשפּונען אין ליימיקן קעלער איר צייגנס,
איר אויסגעבענקט־גראָע געפּייניקטע תּפֿילה
אַזוי ווי אויס פֿעדעם פֿון אונדזערע שווייגנס.
די ערשטע האָט דבֿורל באַמערקט זי. אין שטוינונג
באַוויזן פֿאַר אַלעמען: זעט אינעם ווינקל!
און עפּעס האָט גלייך זיך געביטן אין וואוינונג.
די שפּין, אויף איר וויכן פֿאַרטרוילעכן שפּין־קויל
האָט שמייכלדיק איינגערוימט זוניקע קלאַנגען
וואָס האָבן אַרויסגעלעבט נייע פֿאַרלאַנגען.

אַן ענלעך געפיל האָט געהאַט פעטער נח
ווען טויב איז מיט גרינינקן בלעטל דערפלויגן.
די שפּין האָט פונאַנדערגעשפּונען אַ כוח
אַז מיר האָבן גיריק איר וואונדער געזויגן.
און ליפּמאַן האָט פילאָזאָפירט דאָ אַנוסטן:
עס קלעטערט אַזוי ווי די שפּין אויף אַ פאָדעם
דער מענטש, אין אַ חלל אַ פרעמד־אומבאַוואוסטן.
און בלינד אין זיין וויסיקייט זוכט דער בן־אדם
דאָס פעדעמל. נאָר ער דערזעט ניט דעם קאָנטור
און פרעסט זיינע קינדער פאַרשפּונען אין פלאָנטער.

באַשיצט פון דער שפּין, פון איר גראָער ממשלה, —
דאָס לעבן גייט ווייטער. נאָר דווקא ניט גרינגער.
אין עטלעכע טעג נאָך דער וויסטער בהלה
האָט אויבן פאַרמויערט מיט שטיין דער באַצווינגער
אַ טייל פון די גראַטעס, און חושך מצרים
פאַרפילט די געהיימשטאָט. נאָר מיר זענען ווידער
אַ פאָלק זאַלבעצענט ווי געוועזן עד היום,
עס זענען אין אייביקס פאַרוואַנדלט די גלידער.
אַ פאָלק זאַלבעצענט וואָס מע קען ניט צעטיילן.
דו פרעגסט ווי אַזוי? כ'וועל דיר זאָגן, דערציילן:

מיר האָבן אין קעלער געפונען באַהאַלטן
אַ פּרוי מיט איר צען־יעריק יינגל, — טאַמאַרע
און יוליק. און אויפן בית־עלמין דעם קאַלטן
איז היימיש געוואָרן, ווי ס'וואָלט דורך אַ שפּאַרע
דער פרילינג אַריין. אויך דאָס יינגעלע קריינעס,
וואָס אָ ד ם זיין נאָמען, — זיך עלטערט אין פריידן
און קלערט ניט פון אומגליק וואָס הויערט בשכנות.
אָ, ווער קען די רעטעניש העלפן באַשיידן?
ווי שטעלט זיך דעם שטורעם אַנטקעגן אַ זאַנגל?
אויף וועמעס באַפעל איז דער גאָרער געראַנגל?

# די בלאָטע־געשטאַלט

אַ פיינע געשיכטע! ווען פאָליע מיט קאָפּלען
אַוועק זענען איבערן שלאַכטפעלד דעם גרויסן,
כדי ניט צו בלייבן פאַרפּלאָנטערט מיט די נאָפּלען,
געפינען אַן אויסוועג, אַ טיר צו דעם דרויסן, —
געפונען זיי האָבן אַ מענטשן אין בלאָטע,
אַ בלאָטע־געשטאַלט, וואָס ניט מעגלעך דערקענען
קיין חילוק צווישן זיין הויט און קאַפּאָטע.
נאָר ווען מיטן אורח אינאיינעם זיי זענען
דערקראָכן אַהיים און זיי האָבן דאָרט קוים אים
דערוואַשן, — איז יעדער געבליבן נשתומם:

אַ האַקנקרייץ האָט זיך אַנטפּלעקט אויף זיין קליאַפּע!
און ער האָט זיך מודה געווען בעתן פאַרשן
אַז־אַז... מ'האָט אַריינגענאַרט אים אין געסטאַפּאָ,
דאָרט אַרבעט ער קעגן זיין ווילן אַ יאָר שוין.
מע רופט אים — פּיצוקאָס, פון שטאַם — אַ ליטווינער,
פאַרבלאָנדזשעט דאָ נעבעך אין פרעמדע קאַנאַלן.
דערנאָך איז דער זעלבער — אַ יאַשטשער אַ גרינער,
אויף דר'ערד פאַר די עטלעכע יידן געפאַלן:
— אַ ווייב מיט דריי קינדער, דאָס יינגסטע אַ פּיצל...
דערביי האָט אויף גאָט זיך פאַררופן דער היצל.

אָט איז דיין נקמה, דער מענטש דער געשענדטער,
דו זעסט? האָט צו פאָליען געוואונקען דער פּרוש —
אים צוגעפירט צו דעם געפאַנגענעם נענטער.
די מעשה, גוטברודער, איז גאָר ניט היסטאָריש...
נאָר פאָליען — אים האָבן אַ גלאַנץ געטאָן טרערן,
צעשמעלצט די נקמה, די גלוסטונגען אירע,
צעגאָסן ווי קוועקזילבער זיינע באַגערן.
מיט פיינלעכן עקל צו גאָר דער יצירה, —
פאַרדעקלט די אויגן אין מידער אַליינקייט
ניט אָנצוזען מער דאָ די מענטשישע קליינקייט.

דאָס הויכע געריכט איז אַוועק זיך באַראָטן.
באַשטימען דעם פּסק ווערליק אייגענעם קאָדעקס,
ביים פרישינקן בערגל, וואו ס׳לעבט נאָך דער שאָטן
פון אסתרן. אמת, מע האָט קיין געטאָדיקס
אויך דאָרטן ניט אויסגעזוכט. אָבער די שופטים
זיי האָבן געהאַלטן פאַר אומווערדיק הרגען
מיט אייגענע הענט. — סיידן נעמט און באַשטראָפט אים —
זאָגט ליפּמאַן, — דער שד זאָל אַליין זיך דערוואַרגן!
— אַזוי אָדער אַנדערש, נאָר זאָל ער פאַרשווינדן!
האָט ממש געשלאָגן אַ דיבוק פון בלינדן.

אַזוי האָט געגאָלטן דער משפט: פאַרטרייבן
פּיצוקאַסן קריק אין געדריידלטע שמאָלע
העט־ווייטע קאַנאַלן, און זאָל ער דאָרט בלייבן
געיאָגט פון זיין אייגענער פינצטערער קללה.
און זאָל דער באַשעפער, וואָס האָט אין זיין צֶלֶם
געפורעמט דעם מענטשן — באַשטימען וואָס ווייטער:
צי מייז אין קאַנאַל זאָלן גריזשען די פעל אים,
צי זאָל ער אַנטרינען אַ גאַליק־פאַרשפּייטער.
אַזוי איז געשען. און זאָל פּסקען אַ דיכטער
צי אָרנטלעך האָבן געהאַנדלט די ריכטער?

טאַמאַרע, דו העלדישע מאַמע, ווי האָסטו
געראַטעוועט יוליקן, ווער איז דער שיצער?
— אויף סובאָטש, אַהינטער די צווימען פאַרראָסטע,
דאָרט האָט מען — איך וועל עס דערציילן בקיצור —
די קינדערשע הויטן ווי שאָלעכטס פון עפּל
געשיילט פון די צאַרטינקע פנימלעך, וואָרעם
עס טויג פאַר קאָסמעטיק. ביינאַכט, אין אַ נעפּל,
פאַרשלעפּערט כ'האָב יוליקן מיט כלאָפּאָרעם,
גענומען אין זאַק, און עס איז מיר געראָטן
זיך דורכגליטשן אונטער עלעקטרישע דראָטן.

— ווי מוראַדיק־פּשוט דיין רייד̇ן, טאַמאַרע!
דערציילסט מיט אַ שטיפּ, אַ יענוועלטיקע, שטילע,
אין ליכט האָסטו איבערגעשמאָלצן אַ כמאַרע,
איך לייען דיין פּנים — דעם היינטס אַ מגילה.
נאָר זאָג מיר, טאַמאַרע, איז יוליק בכוח
ווי דו צו פאַרוואַנדלען אין ליבשאַפט די שׂנאה?
נאָר זאָג מיר, טאַמאַרע, פאַרמאָגט ער נאָך כוח
צו זינקען אַזוי אין דער צענטער מאַלינע?
צו טרינקען די ביטערניש? פרעגט ער ניט קיינמאָל
אַוואו איז אַ פויגל, אַ שטערן, אַ ביימל?

— ס'איז יוליק באַהאַוונט און האָט ניט קיין טענה...
אָט זעסטו: פון קברשן ליים פונעם פייכטן
באַשאַפט ער אין ווינקל די וואונדער־וואָר זיינע —
אַ משה־געשטאַלט פאַר די דורות צו לייכטן.
דער שטראַליקער קאָפּ ווי געקנאָטן אויס פייער, —
אין טונקלקייט הערנערט באַפעלעריש, מאַכטיק.
ס'וועט ביז דער באַפרייאונג שוין זיין דער באַפרייער.
זיין בליק, — איבער פעלדזן אַ זונאויפגאַנג, פראַכטיק,
וועט יעדן קאַנאַלמענטש די בענקשאַפט אַנטפּלעקן.
און ליים, זאָגט דער קינסטלער, פון קברים וועט קלעקן.

# פעטראָ דער ציגיינער

אַצינדער באַקען זיך, דו לייענער מיינער,
מיט נאָך אַ פּאַרשוין: מיטן שלייפער פון מעסערס
אויף גלעזער־גאַס דרייצן: פּעטראָ דער ציגיינער,
וואָס יאָרן שוין לאַנגע ער ווייס ניט קיין בעסערס
ווי ציען זיך איבער די הייפן און קלינגען
אין גלעקל פון וואַרשטאַט. אַ סימן, מע קאָן אים
אַרויסטראָגן שלייפן פאַרטעמפּיקטע קלינגען.
און שלייפנדיק — בייגט ער זיין ביינערן פּנים
אַלץ נענטער צום שטיין, אַז עס זאָלן די פונקען
אַריינגיין אין הויט אים און בלייבן פאַרזונקען.

די פונקען זיי האָבן זיך טאַקע פאַרשפּיזלט
אין בראַנדזיקן אויג, אינעם קאַרביקן שטערן;
ניט קלעפּיקס אין אַדערן זיינע אים ריזלט,
נאָר שטאָלענע פונקען אַ שטראָם, וואָלט איך שווערן!
און ווי אַ קינדזשאַל מיט בריליאַנטן באַשלאָגן —
די פּראַכט פון זיין שבט פון פּנים נאָך בלענדיקט.
שוין לאַנג זיך געזעגנט מיט פערד און מיט וואָגן,
ס׳קען דאַכטן: ער האָט מיט זיין אָפּשטאַם געענדיקט.
נאָך פופצן יאָר קאַטאָרגע האָט ער פאַרלאָרן
זיין וואַלד און זיין וועלט, איז אַ שלייפער געוואָרן.

נאָר ווען ס׳איז געקומען דער דייטש — האָבן גאָר די
פאַרשוואונדענע מעסערס געשאַרפט אין זיין לעבן —
פון לייב אים ארויסגעטאַנצט קעגן דער האָרדע
און מער שוין זיין אומרו קיין רו ניט געגעבן.
אַוועק איז פּעטראַ אין די וועלדער פון געגנט
באַנאַנד מיט אַ קינד וואָס אַנטרונען פון שחיטות.
און ווען ער האָט בוידן ציגיינער באַגעגנט, —
געגעבן דאָס קינד אַ ציגיינערטע: היט עס!
דאָס קינד איז פון טויזנטער מאַמעס געבליבן,
מיט ליבשאַפט פון טויזנטער זאָלסטו עס ליבן.

און שפּעטער האָט ווידער פּעטראָ אין די וועלדער
געבראַכט אַ געיאָגטן געפּייניקטן יינגל,
פֿאַרברווינט אים דאָס פּנים, געוויקלט אין טרעלדער
און אָנגעטאָן אים אויפֿן אויער אַ רינגל,
מע זאָל אים דערקענען. אַזוי האָט כּסדר
זיך איבערגעחזרט. ביז איינמאָל געקומען
אין וואַלד מיט אַ מיידעלע אונטער די קליידער —
געפֿונען ער האָט שוין ניט קיינעם, בלויז בלומען
באַטויט מיט געוויין. און צעריסענע בוידן
וואו שנירלעך מיט ראַבינע־קרעלן זיך הוידען.

אויף גלעזער־גאַס דרייצן ביים אַלטן ציגיינער
פֿאַראַן איז אַ קעלער. אין קעלער — אַ ברונעם.
און קוקסטו אין קוואַליקן ברונעם אַריין נאָר —
דערהערסטו ניט מער ווי דעם וואַסערס ניגונים.
נאָר עטלעכע שפּאַן פֿון דער וואַסערהויט נעמט זיך
אַ דעקל אַרויס און אַצינד קענסטו קריכן
דורך שמאָלן טונעל, ביז די ריכטונג פֿאַרנעמט זיך
אויף לינקס, דאָרטן הייבסטו אַ שטיין און איבגיכן
ביסטו דו שוין אויף גלעזער־גאַס ניין, וואו עס וואוינען
פֿון דער״אָ פּאָעמע די אַלע פּאַרשוינען.

## מה נשתנה

צוערשט האָט אַ בולבע, פֿאַרוואַלגערט אין קעלער,
אַרויסגעשטראַלט ווייסינקע שפּראָצן. אַ סימן —
דער פֿרילינג שוין פֿראַוועט אין שטאָט זיינע בעלער.
עס האָבן דערזוניקט זיך מונטערע שטימען
אַרום דעם בית־עלמין. דאָס ליאַרעמט אַ כאָפּטע
צעזונגענע שטראָמען פֿון שטאָטישע גאַסן
דורך רעגן־קאַנאַלן מיט שנייען פֿאַרשטאָפּטע.
זיי רוישן, צעשינדן דעם אומעט אין פֿאַסן
און שפּרייטן שוואַרצערדיקע ריחות צעבליטע —
אַן אָנדענק פֿון ווייטער, אַמאָליקער ליטע.

פון שנייען צעגאַנגענע, ערדן וואָס יערן,
פאַרמויערטע קוואַלן, פריש־גראָזיקע רעגנס,
וואָס פליעסקען דורך גראַטעס, צעגאָלדיקטע רערן,
פון ווינטערס צעגאַנגענע פרייע פאַרמעגנס, —
עס האָבן די שטראָמען געזונגען אַן אָדע
צום פרילינג, אַרומגעכאַפּט ווי מיט אַן אָרעם
דעם קעלער און ס'האָט זיך אַ ליניע אַ גראָדע
געצויגן פון פרילינג אַהער צו די קברים,
דערווייכט און דערוואַרעמט פאַרגליווערטע האָרבן
און אויפגעוועקט יענע וואָס זענען געשטאָרבן.

דער פרוש, פאַרטאָן אין געהויבענער פראַצע,
האָט זאָרגעוודיק־ערנסט געכשרט די כלים,
געריבלט, געבאַקן ווי ס'דאַרף צו זיין מצה.
באַיומטובט די קנייטשן פון הייפל אבלים.
דער ריח האָט געצויגן זיך ווייט, דורכן קוימען
פון גלעזער־גאַס דרייצן, וואו ס'וואוינט דער ציגיינער.
און דאָ, אינעם היכל דעם ברייטן, געראמען,
געוואָרן איז וואַרעמער, זויבערער, פיינער.
דער פרוש האָט אָבער אין קומער געטענהט:
— ס'איז נאָענט דער פסח, מיר האָבן קיין ווייַן ניט!

האָט פּאָליע זיך פּלוצים דערמאָנט: זיין געטרייער
געפאַלענער טאַטע, ער האָט פּאַראַיאָרן
ביים סדר אין געטאָ באַהאַלטן אויף הייאָר
אַ פלאַש ייִן־צימוקים! באַגלייט פון זכרון, —
אַצינד האָט געצויגן דער זון דורכן ברונעם
צו יאַטקעווער געסל און דאָרט אונטער גרינע
צעפאַלענע ווענט די ירושה געפונען.
ביים אָנזען דעם וויין האָט געטענצלט אין שכינה
דער פּרוש: אַ האַלבע פלאַש וויין דאַרף מען ווידער
באַהאַלטן אויף איבעראַיאָר, אין דער נידער.

ביים סדר. דער פּרוש געלענט אָן אַ קישן.
צוויי וואַקסענע ליכט. אַ פאַרטריפטע הגדה.
ס'איז אמת, מע זעט ניט קיין הינער, קיין פישן,
פאַראַן אָבער מרור, אַזוי איז די מאָדע.
די שפּין וואַרפט אַ ציפערבלאַט־שאָטן אַ רונדן
דעם פּרוש אַנטקעגן און פרעגט: מה נשתנה?
עס קניפּן זיך אַלטע צעריסענע בונדן.
דער איצטיקער קנעכט איז דעם זיידן מקנא.
— עבדים היינו... ווער זענען מיר, קינדער,
נאָך עטלעכע טויזנטער יאָרן אַצינדער?

מיט זאַנגענער האַנט הייבט דער פּרוש אַ בעכער
פון טונקעלן זילבער מיט ראַנדן פון גינגאָלד.
באַקריצלט מיט הירשן וואָס רייסן זיך העכער,
די ווענטלעך מיט פּסוקים ווי טויען באַרינגלט.
עס האָט אים געראַטעוועט אסתר, לזכר
די יידישע דורות צעאַשט און פאַרלענדיקט.
איצט גייט ער פון ליפּן צו ליפּן אַ בלייכער,
מסתמא זיין שליחות נאָך אַלץ ניט געענדיקט.
— צו איינציקע זופּן! דער ווייַן איז מחיה.
אַ זופּ — און עס קוואַלן שוין ווייַן־כוואַליעס נייע.

דער פּרוש איז ניט צו דערקענען, אַ צווייטער.
זיין פּנים — אַ בליציק־באַלויכטענע מאַפּע.
פּאַמעלעך, אין קיטל דעם בלענדיקן גייט ער,
פּראַלט־אויף מיטן אַקסל די שטיינערנע קליאַפּע
וואָס פירט אין געהיימשטאָט דורך בייזוועגן שמאָלע
און ברומט: שפוך חמתך! פאַרגיס מיט דיין צאָרן
עמלקן, זאָל אים פאַרשׂרפען דיין קללה,
ווי ער האָט פאַרשייטערהויפט אונדזערע יאָרן.
אַ ראָב זאָל זיך מיאוסן קראַקען זיין נאָמען.
און אַלע אים ענטפערן איינשטימיק: אָמן.

## פאַרזשאַווערטע ביקסן

פאַרזשאַווערטע ביקסן, געפּוקלטע אין פּליאַמעס,
אַלטמאָדישע, קרומע סקעלעטן פון אייזן, —
ווער האָט אייך באַהאַלטן אין די ד׳ אמות
איר זאָלט אין געהעריקער צייט זיך באַווייזן?
צי האָבן געטראָגן אייך שטאָלצע סאָלדאַטן
און רום איז דער נאָמען פאַר אייער געזשאַווער?
צי זענט איר געהאַנגען אויף אַקסלען פון קאַטן,
צי האָט איר געשאָסן אין אייגענעם חבר?
אָ, ביקסן אין דר׳ערד, וואָס מיר האָבן געפונען
ביים גראָבן אין קופּערנעם קעלער אַ ברונעם!

און אפשר געפּולווערט אין אייך האָט אַ האָפן
אין מאַרש פון די צייטן, אַז גלייביקע פינגער
דערגראָבן זיך וועלן אַ מאָל צו די וואָפן,
זיי נאָכאַמאָל אָנצילן קעגן באַצווינגער
און ענדיקן זיגעריש יענע מרידה
וואו זינגענדיק זענען געפאַלן די שלאַכטלייט?
דערגלעקערט אין מיר זייער שטאָלענעם ווידוי,
דעם סוד פון געשיכטע אַנטפּלעקט פאַר די נאַכטלייט!
אָ, ביקסן אין דר'ערד, וואָס מיר האָבן געפונען
ביים גראָבן אין קופּערנעם קעלער אַ ברונעם.

## פאַרבלענדעניש

און וואָס איז מיט אָרמלען, אונדזער מוזיניק,
פאַרטריבן אַהער פונעם אַלטן גן־עדן?
ס'איז ניט צו פאַרזינדיקן. לעבט ווי אַ קיניג
און גאָר־גאָר אינגיכן וועט נעמען שוין ריידן.
אַ קוועקזילבער־פּלייט איז דערווײַלע זיין שטימל,
און וויפל דו זאָלסט ניט די קלאַנגעלעך זוכן —
אַנטרינען זיי אין אַ באַזונדערן הימל.
אַ שמייכל פאַרהוילן אין זיידענע פוכן
באַווינטלט זיין פּנים. עס איז די געהיימשטאָט
זיין אמתע ניט קיין פאַרלייקנטע היימשטאָט.

געווים, אין קאַנאַלן־מלחמה, אויך שפּעטער
אין וואָגל דורך קעלטן, דורך פינצטערן הונגער,
געווען איז אונדז טאַקע אַ שאלה, צי וועט ער
באַזיגן די פיינד אונדזער הערשער דער יונגער.
נאָר ווייס דען אַ פידל איר ניגון, קוים האָבן
איר טיפקייט ניט אויפגעקושט פינגער ווי רעגנס?
וואָס מער ס'האָט דער אומגליק זיך קראָטיש דערגראָבן,
האָט אָדם דאָס לעבן באַהערשט אונטערוועגנס
ווי אים וואָלט געדופן די זון, וואָס געפאַנגען
אויף יענער זייט וועלט קען אַהער ניט דערלאַנגען.

אויף גלעזער־גאַס נײַן, אין דער יידישער פעסטונג,
צעווישן דער גאַס און קאַנאַל, אין דער נידער, —
האָט אָדם געפונען אַ וואַרעמע נעסטונג
און ס'וויגן אים אַלע און קושן די גלידער,
ווי יעדערער וואָלט אים געבוירן. דער עיקר
איז ליפמאַן צעשויבערט. נאָר זאָל מען ניט מיינען
ס'איז פשוט. ווייל יענער פון לאַנג איז ווי שיכור,
עס האָט אים פאַרווירבלט זיין קאַנטשאַפט מיט קריינען.
ער קאָרמעט דאָס קינד און דערהויפּט איז ער גליקלעך,
ווען קריינע געטרויט אים צו וואַשן די וויקלעך.

און קריינע? ווי אויסטערליש האָט זיך עס קריינע
געביטן! איר הויט, אַ צעקאַרבטע אין ליידן,
אַצינד איז געוואָרן אַ שעמעוודיק־ריינע,
באַוועלטיקט ביז גאָר פון אַמאָליקע פריידן;
אַזוי ווי זי וואָלט דורך אַ כישוף געוואונען
איר יוגנט. די האָר זענען בלויז איר אַ זכר,
אַז דאָ האָט די טויט־שרעק איר גראָקייט פאַרשפּונען.
אַז דאָ האָט דער טויט־גאָט געפלאַקערט אַ בלייכער.
נאָר דווקא דער שאַרפער קאָנטראַסט האָט נאָך מערער
גערייצט און געמאַניעט איר וואוילן פאַרערער.

ס'איז קריינע אין אים אויך פאַרליבט, ווי בשעתו
ביינאַכט ביי די אָפּ־צעמיילערטע גריבער
ווען זי האָט אין בענקשאַפט צו שטאַרבן אַ זאַטע,
גערופן אַ פרעמדן: „מיין איינציקער, ליבער!"
ס'האָט קריינען געדאַכט, אינעם גלאָזיקן פיבער
אַז ליפּמאַן איז דער, וועמען זי האָט גערופן
אין שחיטה־באַגינען: „מיין איינציקער, ליבער!"
עס האָבן זיך איבערגעביטן די גופן!
און שטענדיק ווען ליפּמאַן צו איר טוט גענענען —
ווערט זי דורכן דאָקטער פאַרבונדן מיט יענעם.

און ליפּמאַן — ער קען ניט דערגרונטן דעם אמת.
ער גלייבט: ער איז יענער. עס צווינגט אים איר גלויבן.
ער גלייבט אויפן שמייכל, ער גלייבט אויפן רמז.
ווייל דווקא אזוי ווערט זיין ליבשאַפט דערהויבן.
צי קען ער זיך אויף די געדאַנקען פאַרלאָזן,
געדענקען די נאַכט לעבן אָפּגרונט, די דאַטע?
געוויס... ער האָט קריינען געליבט אין די גראָזן.
ס'איז ליפּמאַן — דעם יינגעלעס גליקלעכער טאַטע.
בפרט נאָך, די ענלעכקייט גיט אַ פאַרמסר:
דער דאָקטער און אָדם — ווי צוויי טראָפּנס וואַסער.

און ליפּמאַן דערמאָנט זיך. דער גייסט פון דערמאָרדטן
לעבט ווייטער אין אים, ווי אַ קוסט וואָס מע האָט אים
אַריבערגעפלאַנצט אין אַן אַנדערן גאָרטן,
און בינען דיזעלביקע זייגן זיין אָטעם.
עס האַלטן אים קריינעס צוויי אויגן אין צוואַנגען.
אפילו זיין חלום אַנטפלעקט אים די וואָר ניט.
אויך דאָרטן דורך זעלביקן כישוף געפאַנגען —
אין צווייטן פאַרוואַנדלט. אַליין איז ער גאָרניט,
אַ שאָטן פון זיך. נאָר אין פלאַזמע פון שאָטן
אַ צווייטער זכרון אַצינד איז פאַרקנאָטן!

און איבער זיי ביידן, דעם פּיצינקן אָדם,
און איבער דער ליבשאַפט וואָס גלאָצט אין ביינאַכטן —
די שפּין מיט איר גראָען אומזעאיקן פאָדעם
טרייבט ווייטער דאָס שפּינראָד פון מענטשלעכן טראַכטן.
די ליסטיקע שפּין איז דאָ אויבעט אַ שותּף
צום וויגליד וואָס קריינע פאַרזייט אַרום וויגל,
צום תּענוג דעם נייעם וואָס ריזלט אין בלוט־אויף,
צום לעבן וואָס קען ניט דערזען זיך אין שפּיגל.
מסתּם וועט איר קיניגרייך באַלד זיך פאַרשפּרייטן
און אַלעמען שמידן אין זיידענע קייטן.

# טאַבאָרן ציגײַנער

טאַבאָרן ציגײַנער פֿון ליטע און פּוילן,
איר בערדיקע מענער, שוואַרצערדיקע טעכטער, —
בערלין האָט אײַך אַלעמען טייטן באַפֿוילן,
געקוילעט אַ וואַלד מיט געזאַנג און געלעכטער.
באַנאַנד מיט די ייִדן מע האָט אײַך געשייטערט,
די ערד האָט געריסן פֿאַר ביידן איין קריעה.
אַ רעגן פֿון אַש האָט די ביינער געלייטערט,
אַ רעגן פֿון אַש איבער מאַמע ווילִיע.
און אײַערע וועגענער זומפּיקן, פּוילן,
טאַבאָרן ציגײַנער פֿון ליטע און פּוילן.

ס'האָט פּושקין אַנטפּלעקט אייער פּראַכט, אייער וואַנדער.
זיין האַרץ האָט געפּייקלט אין אייער באַנדורע.
צי וועט דעם ציגיינערשן אומקום אַן אַנדער
באַזינגען מיט זעלביקער קלאַנגיקער גבורה?
דער נאַכטיגאַל סיידן, בלויז ער, דער מקונן
וואָס האָט אייך באַגלייט צו די שלאַנגענע ראָוועס.
פאַרבייגן זיך טונקל די ווערבענע קרוינען
און זאַפּן אייך איין אין די גרינע מחשבות.
אָ, שטאַם, איבערהויפּט פון פּאָעטן געשעצטער!
פּעטראָ איז געבליבן, קען זיין, אייער לעצטער.

# אָפּגלאַנץ פון וואַרשע

ס'איז היינט ערשטער מאַי. ניט קיין טרויערטאָג, נייערט
באַפליגלטער גלויבן. מיט אים ווערט צוזאַמען
דער יאָרטאָג פון אויפשטאַנד אין וואַרשע געפייערט.
אַן אָפּגלאַנץ פון יענע געהייליקטע פלאַמען
באַשיינט די געקוילעטע לופט ווי אַ פאַקל.
און דבורל, וואָס איר איז באַפאַלן אַ הוסטן,
האָט פאָנעלעך רויטע געשפינט פון איר יאַקל.
די פאָנעלעך בעזלען אַצינד אויף די ברוסטן.
און אויך ביים ציגיינער פעטראָ אונדזער שכן —
אַ פאָנעלע בליט מיט אַ שטילן נצחון.

נאָר דווקא באַהאַלטן? ס'איז יעדער אַ בעלן
די וועלט זאָל דערזען, אויף להכעיס דעם שענדער.
קריכט עולם אַריין אין די שמאָלע קאַנאַלן,
מע טשלאַפּעט אין פינצטערניש מיט די געווענדער
אין וואַסער, וואו מייז טוען שפּילן טעאַטער.
ביז וואַנען די זון דורך אַ גראַטע באַווייזט זיך, —
אַ ריזיקער פּערל, אַ מילכשייניק־מאַטער.
און דעמלט ביי דבורלען אַ פּאָנעלע רייסט זיך
אַרויס פון די פינגער, און יאָגט אין די הייכן
אַהין, וואו עס קען דער רוצח ניט גרייכן.

און פּלוצים — אַ באָמבע־געהילך איז דערגאַנגען
אַהער אין געהיימשטאָט און תיכף אַ צווייטער.
פאַרמירמלטע פּנימער שלינגען די קלאַנגען
אַזוי ווי ביים הערן משיחס טרומייטער.
מע נישטערט פאַרפּראָפּט אונטער איינציקער גראַטע
צו זען די זיגזאַגן פון רעטער, וואָס האָגלען.
מע קושט זיך שוין אָפן... מע פירט אַ דעבאַטע
צי ס'וועט נאָך געדויערן לאַנג אונדזער וואָגלען.
צי ווערן מיר אויסגעלייזט פריער צי שפּעטער?
עס פּאָכען מיט ווייסינקע טיכלעך די רעטער...

משיחס טרומייטער — פֿאַרשוואונדן. אין צונטער
דער הימל, ווי ד אָ ר ט וואָלטן מענטשן זיך שלאַכטן.
אַ שטערנדל ווינקט פֿון די וואָלקנס אַרונטער
נאָר ס׳איז ניט כּדאַי וועגן שטערן צו טראַכטן.
פֿאַרנעסטן זיך ווידער אין האַרבעריק אַלע
מיט אָדערן־בליקן געשפּאַנטע אין תּאוות.
מע שנאַפּט אין די נעכטנס די גרויזיק־פּאַטאַלע,
דאָס גליק ווערט פֿאַרוואַנדלט אין שולד, אין התחייבות
אַנטקעגן די בערגלער, אַנטקעגן די צאָלן,
פֿאַר וועלכע מע קען שוין מיט גאָרניט באַצאָלן.

— כ׳האָב מורא פֿאַר איינס: פֿאַר דער נאָנטער ישועה,
זי פֿייניקט מיך! — טענהט דער בלינדער, געבויגן
דעם נאַקן צו דר׳ערד ווי אַ פֿלאַציקע דוהע.
פֿאַרשאָלטענע פֿרייהייט, קוק אָן מיינע אויגן:
אין איין אויג — מיט לאַכיקער ליאַלקע מיין טאָכטער,
אין צווייטן — מיין פֿרוי מיט די טרערן פֿאַרסמטע!
מיין לעבן — איז לעבן אַן אייביק געיאָכטער
ביז וואַנען די פֿינצטערניש וועט אַ צעפּלאַמטע
פֿאַרשלינגען מיין שפּיציק געביין ווי אַ מעסער.
נאָר אייך וועט זי אויסשפּייען, אייך די פֿאַרגעסער.

— פֿאַרגעסן? זאָגט פֿאָליע, זאָל ווערן ביי יענעם
פֿאַרגעסן דער נאָמען ווער ס'וועט ניט געדענקען
דעם תּלין און רויזן פֿאַרזייען אין גיהנום.
נאָר מער ווי געדענקען, — זאָל יעדערער בענקען
צו ווערן אַ יידישער ציגל אין גרונטפֿעסט
פֿון אייגענער היים. — און פֿאַרוואָס ניט אַ ציגל
אין אייגענער וועלט, און ניט שליסן קיין בונד פֿעסט
מיט אַנדערע? — גיט זיך דער דאָקטער אַ קליגל.
בין זיכער, וועט זיין אויף דער וועלט סאָציאַליזם
וועט אויכעט פֿאַרשווינדן דער אַנטי־יידיזם...

## אין שטאָט וואו עס קלינגען מיצקעוויטשעס ווערטער

איר הויט — אַ לבנה־שטראַל וואָלט זיך דערשראָקן —
באַלייכט דעם געלעגער. נאָר שוואַרצער פון בלינדקייט
פאַרוואָרפן איז איבערן האַלדז אירע לאָקן.
דער שמייכל — צעבויגן. אין הייסער געשווינדקייט
באַוועגט זיך די ברוסט ווי אַ כוואַליע אין שטורעם.
דער דאָקטער ביים ציילן איר פולס, און אַהינטער —
עס קאָרטשעט זיך פאָליע אין א י ר ע יסורים.
— איך האָב נאָך געוואָרנט דעם פאָריקן ווינטער —
זאָגט ליפמאַן בלחש צו פאָליען, אַז דבורל
איז קראַנק אויף די לונגען, איז קראַנק אויפן גורל.

— וואָס הייסט „נאָך דעם פאַריקןווינטער געוואָרנט?"
דו ביסט דאָך אַ דאָקטער! נעמט צוקן די פּלייצע
ביי פּאָליען און ס'פּנים ווערט אַשיק־פּאַרצאָרנט, —
מיר מוזן אַ צ י נ ד ע ר געפינען אַן עצה!
און ליפּמאַן פאַרטראַכט זיך: די עצה איז, ברודער,
צו בייטן די לופט. אַז מיר זאָלן דאָס מיידל
פון דאַנען אַרויסטראָגן שטיל, אָן גערודער,
צו איינעם אין שטאָט, וואָס זאָל זיין אַזוי איידל,
באַהאַלטן די קליינע ביז נאָך דער מלחמה,
ביזוואַנען דער פיינד וועט אַריין אין אדמה.

און פּאָליע צו דבורלען גענענט אַ פּאַרקלערטער:
איז ווילנע שוין טאָקע אַ סדום אָן צדיקים?
די שטאָט וואו עס קלינגען מיצקעוויטשעס ווערטער?
געשטאַלטן פּירפּיסיקע טונקלען זיין בליק אים.
נאָר באַלד נעמען אַנדערע אויפגיין צוזאַמיק
אָנשטאָט די פּירפּיסיקע, גראָע געשטאַלטן —
מאַטייקע פאַרוויגט אויף דער תליה, אַדאַמעק,
פּעטראָ, וואָס מיט פאָלק זאַלבעצענט וויל זיך האַלטן.
עס מ ו ז זיך אין ווילנע געפינען אַ פּערטער!
אין שטאָט וואו עס קלינגען מיצקעוויטשעס ווערטער...

איר האַנט, אין געקלעפּ, נעמט זיך ציען פון זיינער.
אַליין שטאַרקער דער הוסט, ווי אַ האָגל אין בלעכן.
עס פּיילט אַ פאַרזשאַווערטע ביקס דער ציגיינער,
אַן אַנדערע — קאָפּל. נאָר איר נעמט זיך ברעכן
די ערד, ווי אַ הייטל פון אייז חודש ניסן.
און פּאָליע פאַרוואַנדלט ער איז אין אַ תפילה.
און ליפּמאַן ער טענהט צו דבורלס געוויסן:
— דיין שטאָלץ וועט ניט ווערן געמינערט, חלילה,
נאָר קראַנק ביסטו, מיידל, די לופט דיין פאַרסמער,
מיר מוזן אין שטאָט דיר געפינען אַ קאַמער.

דאָס מיידל נעמט וואַרפן דעם קאָפּ ווי אַ טרילער
ווען מענטשן אים שטערן צו פּיקן די קערנער.
און פּאָליע: באַרואיק זיך, ליבינקע, שטילער.
און דבורל: פאַרבלייבן אָט־דאָ וויל איך גערנער,
אבי — ניט אַליין. און די שפּין ווי אַ באָבע
זי שפּינט איבערביידן דאָס זיידנס פון שווייגן,
פאַרצירעוועט שאָטנס — דער נאַכטס גאַרדעראָבע.
ביז פּאָליען די קראַנקע געראָט איבערצייגן.
און דבורל שוין שמייכלט: געהאָרכיק זיין מוז איך,
און פירט זיין טשופּרינע אַליין נעענטער צו זיך.

Marja Fedecka

די זומערנאַכט — אָדערדיק־צערטלעך און וואַרעם,
אַזוי ווי דער האַלדז ביי אַ פערד. נאָר סירענעס
צעשניידן דעם האַלדז מיט אַ שאַרפן אַליאַרעם.
זשאַנדאַרמען אויף איטלעכן ראָג, ווי היענעס.
פאַרבייגייער לויפּן. די הימלישע רעטער
באַקראַנצן די שטאָט. ערגעץ פלאַקערן שויבן.
צעווישן די לויפּער — פּעטראָ אין אַ סוועטער.
נאָך אים, דורך קופּאָליקע ווילן מיט שטויבן —
יאָגט פּאָליע מיט דבורלען. עס דאַרף נאָך די קראַנקע
דערשוועבן צום טויער אויף קליין־פּאָהוליאַנקע.

און פּאָליע — ער הערט ניט אַצינד ווי עס זשומעט
דער הימל. איר הוסטן צעשניקערט די חושים.
ער יאָגט ווי אַ קרעציקע מאַלפּע דעם אומעט.
עס ברענען ווי שויבן אויף אים די מלבושים.
אַיעדער איר הוסט איז אַ לאָפּעטע רויערד
אויף זיינע ביז פּלאַצן־געשפּאַנטע פאַרלאַנגען.
און דבורל אין אייגענעם שאָטן פאַרבויערט —
זי וואַקלט פּאָרויס, ווי עס וואָלט זי געפאַנגען
זיין ווילן. דער זונפאַרגאַנג הינטער זיי ביידע —
אברהם פירט יצחקן צו דער עקדה.

עס וואָלקנט די נאַכט. דער אַליאַרעם שוין איבער.
די לופט איז אַ ווייך־אומגעזעגנער דאָרן.
עס פירן צוויי מענער אַ מיידל אין פיבער
צו מאַריאַ פעדעצקאַ, וואָס האָט פאַראַיאָרן
אַריינגעברענגט דבורלען אין קלויסטער אויף ראָסע.
נאָר פּלוצים לייכט עמעץ אַריין מיט אַ לעמפּל:
— פּאַספּאָרטן! — פּעטראָ גיט אַ בלישטש ווי אַ קאָסע:
— מיט גרויס פאַרגעניגן, אַ שיין מיט אַ שטעמפּל...
נאָר ס'בלייבן אָן קלאַנגען ביים פרעגער די ליפּן,
אַ בליק פון אַ מעסער שניידט־דורך זיינע ריפּן.

אַריין צו פֿערעצקאַן דער ערשטער איז פּאָליע.
די קליאַמקע — אַ יאָזש, האָט די פֿינגער צעשטאָכן.
„ניט איינגענעם" טאָר דאָ ניט שפּילן קיין ראָליע.
ווייל דבורל... און איר איז געווענדט דער נצחון!
— גוטנאָוונט! איך וויל איר זאָלט העלפֿן אַ פּריילן,
אַ יידישער, קראַנקער, — האָט פּאָליע שוין פֿעסטער
געריסן פֿון גומען די ווערטער ווי פּיילן.
איר קענט זי, דערמאָנט זיך, געמאַכט פֿאַר אַ „שוועסטער".
נאָר ווען ס'איז דער טייוול דעם קלויסטער באַפֿאַלן, —
אַריין אין געהיימשטאָט, דאָס מיינט — די קאַנאַלן.

— דעבאָראַ? וואו איז זי? — צעווישן די ביימער,
אין גאָרטן, זייט מוחל. און מאַריאַ: פּאַרוואָס־זשע
אין גאָרטן? אַ ווײַלע, כ'וועל געבן אַ היים איר.
נאָר ווער איז אַנטקעגן דער פֿרעמדער? אַך, באָזשע!
— פּעטראָ, אַ באַגלייטער, אַ פֿרײַנד... — ווי אַ לעמל
אין גראָז ליגט דאָס מיידל און אָטעמט די שטערן.
זיי טוען ווי באַלזאַם באַשפּריצן איר דרעמל,
עם גלימערט אין היץ איר באַטוואַקטער שטערן.
און גריל־ערקאַפּעלאַנען פֿון אַלינקע סאָרטן
צעזעגן דעם גראָזיקן הימל אין גאָרטן.

ס'איז מאַריאַ פעדעצקאַ שוין איבער די פערציק,
אַ פוילישע טאָכטער אי שטאַלטנע אי גרעפיש.
און מיטן געוויסן דורכוים אָפנהערציק,
פאַר יידן — זי שטעלט אין סכנה איר נפש.
אַ קראַנקייט מסתמא: האָט ד ו ו ק א ליב יידן,
באַהאַלט זיי, באַזאָרגט מיט געפעלשטע פאַספּאָרטן.
מע האָט זי אין תפיסה געטאָן שוין פאַרשמידן,
אַ נס האָט געראַטעוועט מאַריאַן פון דאָרטן.
זאָל יעדער געדענקען איר נאָמען, די פריינדשאַפט,
אין שרעקלעכן דור פון משוגענער פיינדשאַפט.

אַ ווינקל פאַרהוילן פון אויג אויף אַ סאַלקע,
ס'האָט מאַריאַ שוין דבורלען געוואַשן, געבאָדן,
געלייגט אין אַ בעט ווי אַ קראַנקע בת־מלכה.
אַנטקעגן דעם זויבערן בעט, אויף אַ לאָדן —
קאָסציושקאָ אין פולן גאַלאָפּ, מיט אַ קרומער
אַלטפוילישער שווערד. און דערביי — טוליפּאַנען.
דאָס האָט אייגנהענטיק געבראַכט זיי דער זומער
פאַר דבורלען מיט ריח און קלאַנג — ניט פון דאַנען,
כדי ס'זאָל ניט זיין אַזוי אומעטיק, כמאַריק.
און ס'טרילט אין געשפּרינקלטן ליכט אַ קאַנאַריק.

דערשוואומען אַהיים דורך אַ הילצערנעם אַלטן
קאַנאַל, וואָס באַרינגלט אין דר׳ערד די קאַטעדרע,
באַפּאַנצערט מיט מייז און מיט שימל פּאַרגאַלטן,
דערוואַרט האָט דאָ פּאָליען אַ נייע מין סדרה —
פון קריינען. מע האָט ניט געהערט נאָך אַזויפיל...
זי האָט זיך פאַרקערט אין אַ וועלפּיכע ממש
און וואָיעט: הלמאַי לאָזסטו איבער אַן עופל
און ראַטעוועסט דבורלען? ס׳איז מיאוס און כאַמיש!
געוואַלד־זשע, אויף וועמען איך האָב זיך פאַרלאָזן!
קום אָדמל, קום, לאָמיר אַלעמען לאָזן.

ס'האָט פּאָליע פֿאַרשעמט זיך אַנטקעגן ציגײנער:
— געװען איז די עצה דאָך ליפּמאַנס, צו בײטן
פֿאַר דבֿורלען די לופֿט! איז אױך ליפּמאַן אַ טענה'ר,
אַז אָדם איז בילכער? װאָס זאָל עס באַטײטן?
נאָר אױב דו ביסט מסכּים, — רײד קלאָרע דיבורים
און הײנטיקע נאַכט װעל איך אָדמלען אײליק
אַװעקטראָגן ערגעץ — ביז איבערן שטורעם.
טאָ מאַך ניט אומזיסט דײַנע ליפּן זיך הײליק,
דערװײַל — אָט איז מילך פֿאַרן זונדל צו נאַשן.
אַרײַנגעבראַכט זיבן פֿאַרזיגלטע פֿלאַשן.

צערודערט איז ליפּמאַן: — זײַ מוחל די װערטער.
דו װײסט דאָך, ס'איז קרײַנע באַהערשט פֿון שגעון,
אַז אונדזער געהײמשטאָט, אַז אַל אירע ערטער,
געמאַכט איז פֿון גלאָז פֿון אַ דורכזעאיק־בלאָען
און איבן דער שׂונא, — ער זעט דורך די גרונטן
דאָס קינד. ס'איז אַן אײַנרײד אַזאַ בײַ דער אשה.
פֿיל בעסער אַז אָדם זאָל בלײַבן דאָ אונטן
װאו ער איז געבוירן. די פּלוציםדיק־פֿרישע
צעזומערטע לופֿט קען חלילה אים שאַטן.
און דאָ איז אים הײמיש בײַ מאַמען און טאַטן.

# דער פרוש וואַכט־אויף

ביי אייער באַפרייאונג וועט קיינער ניט שאַלן
און רויטן טרומייט עלעהיי אויף אַ סעודה.
עס וועלן אייך ציען צוריק די קאַנאַלן
אַזוי ווי דעם הונט זיין פאַרשאָלטענע בודע.
מקנא זיין וועט איר די חורבות און בעטלען·
אַ פונק נאָך באַהאַלטן צעווישן די ציגל.
איר וועט אייער פרעמדקייט ניט קענען פאַרפּשטלען.
אַ שלאַנג וועט אייך זיין פון דער קינדשאַפט דאָס וויגל.
און בלויז דורך די לעבער פון שולן און קלויזן
וועט גאָט זיך פאַר אייך אין די הימלען אַנטבלויזן.

אַ כוס פון צעמישונג וועט זיין אייער זומער,
ווייל נאָכהענגען וועלן די נעכטנס ווי קייטן.
ביי יעטוועדער חתונה וועט זייער קומער
דאָס יונגע פּאָרפאָלק צו דער חופּה באַגלייטן.
בלויז איך, וואָס אַליין פייניק־אוים מיין גאולה,
וועל שמייכלען און קושן די מייז אויפן זוהר. —
אַזוי האָט דער פּרוש מיט אויגן מיט דולע
געברומט אין זיין איבערגעפלאַקערטן טרויער,
ווען ס׳האָט שוין דערגרייכט דורך צעריסענע גראַטן
דער דומפּיקער אָפּהילך פון ווייטע האַרמאַטן.

# אַ שיפעלע גרויס ווי אַ שוואַלב

אַ שיפעלע גרויס ווי אַ שוואַלב איז געשוואומען
אין רעגן־קאַנאַל מיט פאַפירענעם זעגל.
געבראַכט אַ געשריפטס מיט אַ ריח פון בלומען,
באַפינקלט פון שטערנדלעך דריי ווי אַ סֶגל.
מיט אומגעדולד האָט שוין געוואַרט ביי דעם האַפן
דער ליכטיקער האַר פון דער נאַכטס מעטראָפאָליע,
און דורך אַ בינאָקל געהאַלטן אין גאַפן
אין שטראָמיקן גאָרנישט. ביז ענדלעך האָט פאָליע
דערוואַרט זיך. געלייענט ביים גלאַנץ פון די שטראָמען
די אותיות באַהויכט מיט איר טייערן נאָמען.

וואָס אים האָט דאָס מיידל געשריבן באַזונדער
וועט בלייבן אַ סוד פאַר דער דאָזיקער כראָניק.
נאָר אויבעט פאַר אַלעמען. וואָס איז דער וואונדער?
אַ בריוו איז פאַראַן, וואָס מע שלינגט אים ווי האָניק.
עס לוינט זיך אים איבערצושרייבן אינגאַנצן:
— אַ גרוס דער געהיימשטאָט, אַ גרוס אירע וואוינער,
וואָס בענקען נאָך זון ווי פאַרשלאָסענע פלאַנצן.
זייט וויסן, די שטאָט איז באַלעגערט, דער „ברוינער"
פאַרמעסט זיך אומזיסט, האָט געמאָלדן דער ראַדיאָ.
ער וועט נאָך מקנא זיין אונדזער חד־גדיא.

פאַר מיר, מיינע טייערע, זאָלט איר ניט דאגהן.
מיך וועט ניט פאַרשלינגען אַצינד קיין געוועסער.
אַ באַרנבוים אָטעמט צו מיר זיינע צווייגן
און אויב מע קען זאָגן, איז ער מיין פּראָפעסער.
צוריק מיינע הענט פאַרמלחמהדיק־שטייפע,
מיין ווילן צו לעבן — פאַרעקשנטער, פעסטער.
איך לעב מיטן האָפן צו קומען קיין חיפה,
נאָר וועט מיך דערקענען מיין איינציקע שוועסטער?
איך בין דאָך געבליבן בלויז איינע פון צענען!
קיין שאלה ניט, זי וועט שוין מוזן דערקענען.

ס'איז טאַקע ניט פּאַסיק צו טראָגן אַ צלם
און קלערן פון חיפה. זייט מוחל. מיר טאָרן
כסדר ניט בלייבן אבלים, אבלים,
נאָר אָניאָגן מוזן מיר בעסערע יאָרן,
ווי יעדער פון אונדז האָט געבענקט, זיך געוואונטשן.
אַ גרוס אייך פון מאַריאַ, די רעטערין מיינע,
מיר שיקן אייך ביידע די זוניקסטע וואונטשן.
און נאָכאַמאָל, טייערע, האָט ניט קיין טענה
וואָס איך בין באַזונדער אין אָנהייב גאולה.
דאָס שרייבט אייער דבורל. דעם זיבעטן יולי.

# ערשטע טאַנקען

ס'האָט פּאָליע געזוכט מיט זײַן קלײנעם בינאָקל
אַ סימן פֿון אויסלייז, דורך גראַטעס וואו ס'רעגנט
מיט זונפאַרגאַנג. ערגעץ בײַם אָנהייב אַנטאָקאָל
די ערשטע סאָוויעטישע טאַנקען באַגעגנט.
עס שפּאַלטן פֿונאַנדער די שטאָלענע טאַנקען
די לופֿט־עשאַפּאָטן, ווי לעביקע וועזנס.
צעעפֿנטע קלימפּערן־מיט די געדאַנקען.
עס ווײַנט אָבער הינטערן קלאַנג דאָס געוועזנס
אַזוי ווי אין וואַלדיקן שטורעם אַ פֿידל.
נאָר ווער־זשע וועט הערן אין שטורעם איר לידל?

פון גראַטע אויף שלאָסגאַס, ביי דאָמיניקאַנער,
ווי פּראָפּנס פון פלעשער אַליין אומגעריכטע, —
עס האָבן געגעבן אַ שפּרונג פּאַרטיזאַנער,
געגומען פאַרקריצן אין ווענט די געשיכטע
מיט קויל־הירהאָגליפן. דערשפּרונגען צום קלויסטער,
און פריילעך באַשאָסן דעם טורעם וואו ס'האָבן
פאַרבאַריקאַדירט זיך אין שלאַכט אין צעברויזטער
פאַרביסענע דייטשן ווי שטאָלענע ראָבן.
פּעטראָ האָט געזונגען, דערמוטיקט די שלאַכטלייט,
באַפליגלט מיט וואַלדיקע הימנען די נאַכטלייט.

פאַרקלעמט אין באַלעגערונג. זענען זיי ענדלעך,
די נעכטיקע העלדן, געקראָכן פון מויער
מיט אַנגסטיק־פאַרהויבענע שמאַטיקע פענדלעך.
די צייט האָט זיך איבערגעשפּיגלט קאַפּויער.
נאָר קאָפּלען — ביים גלאָק פונעם קלויסטער, אַנטקעגן
דעם שלאָסבאַרג — האָט גראָד אין די זעלביקע רגעס
געטראָפן אַ קויל, און זיין גוף איז געלעגן
מיט האַנט אויסגעצויגן צו נאָענטע ברעגעס...
די נאַכט האָט געוויינט ווי אַ נאַכטיגאַל. ס'האָט אים
אַ שטילקייט־מצבה פאַרזיגלט דעם אָטעם.

די רויטע אַרמיי ווי אַ לאַווע האָט ברעניק
אַוועקגעשטראָמט ווייטער אויף קאָוונע און שאַוול,
און דאָ איז געבליבן אין שטאָט ווידערשפּעניק
אַ שוואַרצער, אַ דינער צעצויגענער באַוול.
אַ באַוול אַ שוואַרצער ביים טרינקען פון לאַדיש,
ביים אויפשניידן ברויט, ביים באַגעגענען יידן.
פון יעדער געזאַנג האָט גערידלט אַ קדיש,
געשראָקן די פרייהייט, דעם כלומרשטן פרידן.
און ס׳איז ניט געווען אַזאַ שער צו צעשערן
דעם באַוול, וואָס האָט זיך געצויגן דורך טרערן.

כאָטש מיר האָבן צוגעשטימט אַלע, זיך טרעפן
צוזאַמען ביי דבורלען אויף קליין־פּאָהוליאַנקע,
ווי נאָר ס'וועט זיך טאָן די געהיימשטאָט אַן עפן,
צו טרינקען לחיים פאַר „דבורל די קראַנקע" —
פונדעסטוועגן האָט מען פאַרגעסן דעם צושטים.
דער מענטש האָט געצערטלט ביים האַרצן זיין רגע
און זי ווי אַ פּיאַווקע האָט דאָרשטיק געקושט אים,
געזויגן דעם ערגעץ באַהאַלטענעם עגאָ.
אָן ווערטער — געזויגן, געזויגן, געזויגן,
געמאַניעט, גענאַרט, מיט אַ פאַרביקן בויגן.

אַזוי ווי דער נעכטן וואָלט זיין בלויז אַ פילם —
געלאָפן איז ליפּמאַן צו זיך אין דער דירה,
ניט בענטשן קיין גומל, ניט זאָגן קיין תהילים,
נאָר אויפגראָבן כלים אין גרונטפעסטן אירע.
אויף מאָרגן אַ וויוועסקע איז שוין געהאַנגען
ביי אים אויפן שטידל, געזאָגט ווען דער דאָקטער
איז גרייטווויליק זיין קליענטור צו אַנטפאַנגען.
באַדאַרף ער נאָך מער, ווען אַ זויבער־געצוואָגטער
עס פלאַפּלט גן־עדנדיק אָדמל: טאַטע?
בלויז קריינע איז אַלץ נאָך פאַרגלאָזיקט לעת־עתה.

דער בלינדער — אַ וואָרצל אַנטפּלעקט דורך אַ שטורעם,
האָט איינער אַליין איבער געסלעך געהונקען.
געפּלאַצט האָט זיין בלינדקייט. אין פינצטערן פורעם
אַריין איז אַ רעגן פון זעאיקע פונקען!
די ראיה, זי האָט זיינע בעלמיקע הייטלעך
פאַריאָגט ווי אַ וואָלקן. ער וואָלט זיך געשוואוירן:
נאָך קיינמאָל זיין תהום ניט געזען אַזוי דייטלעך
ווי איצטער, ווען ס'האָט זיך זיין בלינדקייט פאַרלוירן,
ווען בלויז די פאַרגאַנגענע וואָר איז פאַראַניק.
און ער האָט געגריזשעט דאָס האָלץ פון זיין גאַניק.

נקמה-באַזויפט, ווי אין קרעטשמע מיט בראַנפן,
האָט ערגעץ געלאַטכנט אַ פערדל אַ ווייסן
פעטראָ, זיך געלאָזן אין בלענד פון די קאַמפן
צו זוכן ציגיינער אין ליטע און רייסן.
און ווען ער האָט קיינעם אין וואַלד ניט באַגעגנט, —
באַשפּיגן די שטערן, געשאָלטן די גראָזן,
צעבראָכן די בייטש אויף דער ווערבענער געגנט
און גיך ווי אַ פייל זיך קיין רוסלאַנד געלאָזן.
ווייל ס'האָט אים דערציילט אויפן וועג אַ וואַנדראָווניק:
— אין לענינגראַד לעבט אַ ציגאַן אַ פּאָלקאָווניק.

אַזוי האָט גערעדט צו דעם יינגל טאַמאַרע
ווען ער האָט געענדיקט זיין משהן דערקנעטן:
קום, לאָמיר אַוועקגיין, די שטאָט איז אַ כמאַרע,
די ערד איז פאַרפול מיט גערויש פון סקעלעטן.
קום, לאָמיר אַוועק אין דער ווייטער אויסטראַליע,
אַבי ס׳זאָל דאָס פנים אין שפיגל ניט שרעקן,
קיין שטוב זאָל ניט איינשלינגען אונדז ווי אַ כוואַליע.
האָט יוליק אָן ווערטער גענומען אַ שטעקן,
באַנאַנד מיט דער מאַמען אַוועק איבער קברים.
מיט משהן דעם אויסלייזער — אונטערן אָרעם.

ווען ס׳האָבן אין שטאָט נאָך געברומט די סנאַריאַדן —
געלאָפן דער דיכטער איז אונטער געשפליטער
אין אַשיקן געטאָ. געזוכט די כתבֿ-ידן,
באַגראָבן ביי שייטערשן אָפּגלאַנץ אין ציטער.
און דאָרטן, וואו דערנער פאַרשטעלן זיין מאַמען, —
ביי איינציקער וואַנט, ווי דעם כותל-מערבֿי׳ס,
געפונען זיין בינטל דערשראָקענע גראַמען,
ביינאַכט זיי געלייענט דעם גאָט פון די אָבות,
נאָר גאָט האָט געמיינט ס׳איז ניט מער ווי אַ מעשה,
געקנייטשט פון דער הייך מיט די שטערן די ווייסע.

בלויז איינער, דער פּרוש, איז ווייטער געשוואומען
אַנטקעגן דעם שטראָם אין קאַנאַל, מיטן זוהר.
געפרעגט ביי די מייז ווען משיח וועט קומען
צו ספירה צו לעצטער אַ פּראַל טאָן דעם טויער.
אויף זילבערנע טרעפּלעך פּאַוואָליע געשטיגן,
כדי דורך אַ גראַטע צו זען די סימנים.
צו הערן אַ ניגון, געבוירט פון אַ ניגון — —
ביז איבער דעם זקנס גע׳כתר׳טן פּנים,
וואָס דאַוונט אין דר׳ערד מיט מלאָכים בציבור —
אויף יענער זייט גראַטע אַ טאַנק איז אַריבער.

„איך שטאַרב... לאָז געריסן מיין שוועסטער אין חיפה"

ווי אונטן די ערד וואָלט צעגאַנגען, איז פּאָליע
געלאָפן צו דבורלען, אין קאָפּ האָט געקלונגען:
דעם אמת אַנטפּלעקן — איך זאָל ניט, איך זאָל יע?
און האָט פֿאַרן מיידלס געלאַטעטע לונגען
געטראָגן זיין אָטעם. און גלייך ווי פֿון קיזל־
שטיין פֿונקען פֿון גומען אַרויסגעהאַקט ווערטער
צו ברענגען דעם מיידל די זומער־פֿרייד. ביזל
אין זונפֿאַרגאַנג־שלייער דערזען זיין באַשערטער.
דערזען — ניט דערקענט. סאַראַ מעטאַמאָרפֿאָזע!
איר פּנים איז געל ווי אין האַרבסט אַ בעריאָזע.

צוקאָפּנס — פֿאַרשטייגלט דער זעלבער קאַנאַריק
(די פֿריישאַפֿט פֿאַר אים איז אַ בלענדעניש, ליגן),
ער היפּערט ווי זיין וואָלט דער באָדן אים זשאַריק
און דזשאָבעט דורך דרעטלעך זיין אייגענעם ניגון.
און דבורל — דאָס זעלבע. אויך זי אַ פֿאַרשפּאַרטע
ווי פֿריער אין אייזערנער צעל פֿון באַצילן.
ס'באַוועגן קוים־קוים זיך די פֿינגער די צאַרטע
אויף זונען־קלאַווישן. זיי רעגענען, שפּילן.
ביז פּאָליע באַרירט די שפּיצפֿינגער מיט קושן
און דעמלט אַנטצאַפּלען די מיידלשע חושים.

— דערשראָקן? דערקענסט ניט אַן אַלטן באַקאַנטן?
אַ גרוס פֿון די פֿאַרביקע בליאונגען, שלום!
צעעפֿנט זי מער די באַטרערטע בריליאַנטן:
— אַרויסגעשוועבט האָסטו מיר אָקערשט פֿון חלום...
אַצינד וועל איך שפּילן פֿאַר דיר די סימפֿאָניע
פֿון מייז אין געהיימשטאָט. געדענקסט? כ'האָב די נאָטן
געהאַט אין די ציינער. קען זיין די האַרמאָניע,
אָט־דאָ אויף דער פֿריי, וועט מיר מינער געראָטן.
נאָר מעג איך די קלאַנגען אין מיר דען פֿאַרצאַמען?
געשווינד צו דער פּיאַנע, איך זאָל ניט פֿאַרזאַמען.

— באַרואיק זיך, דבורל, וועסט זיין מיך מהנה
אַ צווייטן מאָל. בעסער דערצייל ווי עס גייט דיר.
נאָר זי אַ באַגייסטערטע שוועבט צו דער פּיאַנע.
עס פלאַקערט דאָס טונקעלע זיידענע קלייד איר
אין שקיעה. און אויסטערליש־הויך נעמט זי וואַקסן —
אַ וואַקס־ליכט מיט קרעפּ אין אַ טונקעלן היכל.
די ליכט איז געבויגן, עס טריפן די וואַקסן.
און אָט ביי דער פּיאַנע עס צויבערט איר שמייכל:
דעם צלם — אַ ריס פונעם האַלדז, און עס גייען
די פינגער באַהערשן דער פּיאַנעס אַרמייען.

עס טרינקט זיך אין פּיאַנעס פּאָלירטן געשפּיגל
אַלץ טונקעלער־טיפער דאָס געל פון איר פּנים.
נאָר ס׳עפּנט דער האַר פון די קלאַנגען אַ ריגל, —
די מיידלשע פינגער צעוויגן זיין טראָן אים.
זיי צוויטשערן, טרערענען, לאַכן פאַרפייניקט,
זיי תחית־המתימען איינער אַליין זיך.
מע הערט ווי אַ שטראָם צו אַ שטראָמעלע תענוגט:
— צאַף־צאַף, צאַף־אַצאַף... און ס׳דערטראָגט אַ געוויין זיך
פון אַלדאָס פאַראַנענע, אַלדאָס ניטאָע,
אין פענצטער — אַ באַרנבוים קניט אין הכנעה.

אין אָפּגרונט פון פּיאַנע, וואו ס'דרייען זיך, מישן
לבנה'שע פּערל מיט הייסע רובינען —
דערהערט זיך אַ קרעכץ, און די מחנה קלאַווישן
ווי טויבן דערשראָקענע פליען אָן זינען.
און איידער די טויבן־קלאַווישן באַווייזן
נאָך אויפהאַלטן, כאַפּן דעם מיידל־גוף, — ליגט ער
אויף דר'ערד שוין פאַרלאָשן, און אייביקן פריי־זיין,
פון פורפּלנעם שטראָם אויסן מויל אַ באַזיגטער.
די ליפּן זיי צוקן בלויז גליווערדיק־שטייפע:
— איך שטאַרב... לאָז גערימן מיין שוועסטער אין חיפה.

*

פאַרוואָרפן די שיך אויפן אַקסל, איז פּאָליע
אַוועק מיטן גרוס איבער פעלדער פאָנאַרער.
געוואָרצלט אין מענטשן דאָרט רוישט אַ טאָפּאָליע
אין זון־פאָוועטינע. און ער איז אַ שטאַרער
געגאַנגען געגאַנגען וואו ס'וויגן זיך, באָמבלען
די בלעטער ווי הענטלעך. פון גראָז, אין געהוידע, —
אַ פלאַמיקער פראָנדז פון אַ שאַל ווי אַ מאָנבלום.
און פּאָליע ער ברומט אין די גריבער אַזוי דאָ:
— איך בין זיך געקומען געזעגענען, בעטן,
איר זאָלט מיך דערמוטיקן, ברידער סקעלעטן!

אויב ערגעץ פֿאַראַן איז אַ לעבעדיק וואַסער
וואָס זאָל אייך אַנטדאָרשטן, — איך גיי עס געפֿינען.
אַניט — כ'וועל אַליין זיך פֿאַרוואַנדלען אין וואַסער,
אין אייערע דאָרשטיקע מיילער צערינען,
איר זאָלט ניט פֿאַרגיין מיטן ווינט ווי אַ פּלעווע,
די אייניקלעך זאָלן מיט אייך זיך ניט שעמען.
אַזאַ איז ביי איטלעכן יורש די טבע:
פֿאַרדעקן מיט שטיינער געקוילעטע נעמען.
און ווי עס האָט פֿאַליע גערעדט צו די קדושים —
פֿון קראָפּעווע־גראָבן דערגייט אַ גערויש אים:

— גיי, פֿאָליע, בשלום און זיי דער שליח
פֿון אַלע געשמידטע אין ערדישע קייטן.
באַגעגענען וועסטו דעם מלך משיח, —
אַהער צו דעם אָפּגרונט אים זאָלסטו באַגלייטן.
פֿיל אָן זיך אַ זעקעלע שטויב, זיי מקיים
די בענקשאַפֿט פֿון גאָר דעם פֿאַרשניטענעם זאָמען.
און טו עס צעשפּרייטן אין ירושלים,
כדי עס זאָל דאָרטן צעבליען זיך. אָמן.
און פֿאָליע ער אָטעמט די טונקעלע שטימען,
פֿאַרקריצט אויפֿן טאָוול פֿון האַרץ זייער סימן.

און פּאָליע מיט זעקעלע ערד אינעם גאַרטל
איז איבערגעקראָכן דעם דראָטענעם פּלאַנקן,
געגאַנגען צוריק דורכן יידישן קוואַרטל,
אַריין אין געהיימשטאָט, וואו גליווערדיק צאַנקען
פאַרבלאָנדזשעטע נעכטנס. אין קעלער דעם ליבן,
וואו ס'בערגלט זיין מאַמע און גדליה דער טרוימער —
געזען ווי פון אַלעמען איז דאָ געבליבן
די לאַכיקע שפּין, ווי אַן איינציקער שומר.
די שפּין קען אים אָבער שוין מער ניט פאַרשפּינען,
און ער איז אַוועק זיך אַליין צו געפינען.

## נאָכליד

גערענדיקט? איז בכלל פֿאַראַן אַן ענד?
האָט עמעץ אויסגעפּונען דעם פּלאַנעט, וואָס
מע רופט אַ טרער? האָט עמעץ אים דערקענט
און זיינע שטראַלן איינגעזויגן עטוואָס?
געגליכן צו אַ יעגער, וואָס ביינאַכט
אַריינגעפאַלן איז ביי זיך אין פאַנג־נעץ, —
געבונדן בין איך אין דער ווילדער פּראַכט
פון מיין פאַרשפּרייטער אייגענער געזאַנג־נעץ.
און מעג איך וואָגלען, קושן זיך ביים ים, —
כ'וועל סייווי אינדעראמתן דאָ הויזן,
איך פיל אין „שיינקייט" מערער ניט קיין טעם,
א בלאָטע איז מיר היימישער פון רויזן.
ניטאָ קיין צווייטע וואָריקייט ווי די,
וואָס קוואַלט אין מיינע אָדערדיקע סטראָפן.

זי ברענגט דעם שם המפורש אין מיין קני,
איך זאָל דערשוועבן דאָרט וואו ס׳איז דערלאָפן
דער אייביק־נעכטן. און אַצינד ביי אייך,
געשטאַלטן וואַרעמע, איך בעט מחילה,
פאַר יעדער ניט געראָטענעם פאַרגלייך,
פאַר אַלע גראַמען גרילציקע צי שטילע;
פאַר דבורלס גסיסה אין מוזיק, וואָס מאָנט
אַ תיקון אין די שורות. און ביים בלינדן
וואָס אַלע שטערן פונעם האָריזאָנט
זיי קענען זיין פאַרפינצטערטקייט ניט צינדן.
איך בעט פאַרגעבונג אויכעט ביי דער ציג, —
כ׳האָב אפשר טאַקע ניט באַדאַרפט זי קוילען.
זיי מוחל, גדליה, אָדמל אין וויג,
דו פאַרמעטענער פרוש, גאָרער עולם.
וואו ביסטו פאַליע? ס׳קלאַפּט אין מיר דיין ברוסט
אויף נאָך מלחמה־וועגן נע־ונדע.
כ׳האָב ניט געזונגען סתם. איך האָב געמוזט
אַרויסוואָיען פון זיך די קאַנאַליאַדע!



געשריבן אין מאָסקווע—לאָדזש—פּאַריז 1945־47.

## די קאַפּיטלען פון דער פּאָעמע